# אַ פּאָר ווערטער צו דער אַרבעט פֿון באָריס סאַנדלער

אויף איינעם פֿון די רחבֿותדיקע צענטראַלע מאָסקווער פּלעצער איז געשטאַנען, ניין, ס'האָט געסטאַרטשעט די גיגאַנטישע סקולפּטור פֿון פֿעליקס דזשערזשינסקי — דעם ערשטן פֿאָרזיצער פֿון דער אַלרוסלענדישער אויסעראָרדנטלעכער קאָמיסיע צו באַקעמפֿן די קאָנטער־רעוואָלוציע (״טשע. קאַ.״, ״ווע. טשע. קאַ״). אין אָט יענעם דענקמאָל האָבן זיך פֿריִער פֿון אַלץ געוואָרפֿן אין די אויגן די שווערע בראָנדז־געהאַמערטע שטיוול פֿונעם קאָמיסאַר. ס'האָט זיך געדוכט: נאָך אַביסל און דער מאַסיווער קײַלעכאַרטיקער גראַניט־פּאָסטאַמענט וועט זיך אײַנברעכן אונטער דעם דריקנדיקן שטיוול־טראָט...

איצט, זאָגט מען, זענען אויפֿן פּאָסטאַמענט אַ שטיק צײַט, טאַקע בלויז אָט די שטיוואָליעס פֿאַרבליבן: די לײַט פֿון איינער אַ צאָרנדיק־צעבושעוועטער מאַניפֿעסטאַציע האָבן אַראָפּגעצויגן דעם אויבערטייל פֿון יענער סטראַשידלע, צעהאַקט און צעטראָגן אויף שטיק־שטיקלעך. פֿאַרשטייט זיך אַז אַזוינס האָט געקענט פֿאָרקומען אין סאַמע קאָך פֿון דער ״פּערעסטראָיקאַ״, ווען ס'האָט זיך אַנטפּלעקט דער אומדערהערטער טעראָר און מאַסן־מאָרד, וועלכן דער קאָמוניסטישער רעזשים האָט דורכגעפֿירט, קאָנסעקווענט און אין אַ שטײַגנדיקן פֿאַרנעם, במשך העכער זיבעציק יאָר הערשאַפֿט איבער אַ ריזיקער שקלאַפֿן־אימפּעריע.

פֿאַרבליבן זענען טאַקע בלויז דזשערזשינסקיס שטיוואָליעס... צי איז דאָס אַ סימבאָל צי אַ רמז אויף עפּעס, איז נאָך שווער צו זאָגן...

אָבער הינטער יענער געפֿאַלענער גולם־פֿיגור האָט זיך אַרויסגעהויבן און שטייט נאָך ביז הײַנט די ״לוביאַנקע״ — אַ גרויע, אַ גרויסע, אַ ״סאָציאַליסטיש־מאָנומענטאַלע״ פֿילשטאָקיקע געבײַדע.

דאָרט האָט זיך באַזעצט דער געזעצלעכער יורש פֿון ״טשע.קאַ.״, וואָס האָט ווי אַ כאַמעליאָן געביטן זײַנע אָנרופֿעכצן, ביז ס'האָט זיך לעצטנס אָפּגעשטעלט אויף דעם בלוטיק־באַרימטן נאָמען ק.ג.ב. (קאָמיטעט פֿאַר מלוכישער געפֿאַר־לאָזיקייט).

אין דער האַלב פֿון יענער געבײַדע האָט זיך אויך אויסבאַהאַלטן די צענטראַלע אינערלעכע טורמע פֿון ק.ג.ב. מיט אירע פֿילצאָליקע איבערגאַנג־לאַבירינטן, טורמע־קאַמערן — איינצעלע און קאָלעקטיווע, ״באָקסן״ — ענגע, אײַזערנע שאַפֿקעס אַזעלכע, נאָר צום שטייען, וווהין מען פֿלעגט פֿאַרשפּאַרן צײַטווײַליק די נײַ־געפֿאַנגענע.

אין די טיפֿע קעלער־קאַזעמאַטן האָבן זיך געפֿונען די פּראַסטיק־נאַסע קאַרצערס, ווו מען פֿלעגט אָנווענדן צום "פֿאַרשולדיקטן" אַלטבאַקאַנטע אינקוויזיטאָרישע, ווי אויך נײַ־דערפֿונדענע עלעקראָטעכנישע שאָק־מיטלען... גאָר העכער האָבן זיך געצויגן, מיט טעפּיכער אויסגעבעטע, פֿיין־געלופֿטערטע קאָרידאָרן, פֿון ביידע זײַטן הערמעטיש צוגעהאַקטע טירן, באַצויגענע מיט דיקן דערמאַטין, טירן — צו די פּילצאָליקע קאַבינעטן ווו מען פלעגט פֿאָרשן די "מלוכה־פֿאַרברעכער".

גאַנצע נעכט פֿלעגן זיך פֿון דאָרט לויכטן די פֿענצטער אינדרויסן אַרויס... אויך אין יענע קאַבינעטן פֿלעגט מען אָנווענדן פֿאַרשידענע מינים עקזעקוציעס כדי אַרויספּרעסן "אָנערקענונגען". אויף איין געפֿאָרשטן האָבן זיך במשך דער נאַכט געביטן דרײַ אויספֿאָרשערס.

— אַז מיר וועלן שטאַרק וועלן — האָט מיר איינמאָל מיט אַ סאַדיסטיש שמייכעלע פֿאַרטרויט מײַן פֿאָרשער פּאָלקאָווניק לאַוורענטיעוו — אַז מיר'ן שטאַרק וועלן, וועסטו זיך אַפּילו אַנערקענען אַז דו ביסט אַ... קראָקאָדיל.

די אויספֿאָרשונגס־פּראָטאָקאָלן, — ווי ס'מערקט אָפּ דער מחבר פֿון דער דאָזיקער בראָשור, — פֿלעגן זיי, די פֿאָרשער, שרײַבן און פֿיל מאָל איבערשרײַבן מיט אַ פּערלדיק קאַליגראַפֿישן כּתבֿ, אָבער דער אינהאַלט פֿון די פֿראַגן און ענטפֿערס — אין אַ מגושמדיק־ביוראָקראַטישן סטאַנדאַרט־נוסח. כ'בין נישט מקנא באָריס סאַנדלערן, ווען ס'קומט אויס איבערצוזעצן די דאָזיקע הילצערנע פּראָטאָקאָלן־שפּראַכוליע, אויסמײַדנדיק פֿאַרשטייט זיך איר אַנאַלפֿאַבעטיזם אין רוסיש.

דער יונגער ייִדישער שרײַבער פֿון בעסאַראַביע באָריס סאַנדלער האָט אָפּגעטאָן אַ גאָר וויכטיקע פּיאָנערישע אַרבעט — ער האָט דער ערשטער צווישן די ייִדישע ליטעראַטן און פֿאָרשער זיך דערשלאָגן אַ צוטריט צו די אַרכיוון פֿון דער מאָלדאָווישער ק.ג.ב. צווישן די טרוקן־ביוראָקראַטישע פּראָטאָקאָלן האָט ער דערשפּירט און אַרויסגעהויבן די גרויסע טראַגעדיע, די מאַרטיראָלאָגיע פֿון די ייִדיש־סאָוועטישע שרײַבערס. אין קאָנקרעטן פֿאַל גייט דאָ אַ רייד וועגן די שרײַבערס פֿון מאָלדאָווע — משה אַלטמאַן, יעקב שטערנבערג, הערץ ריווקין־גײַסינער, מאָטל סאַקציער און יאַנקל יאַקיר. ער אַנטפּלעקט פֿאַר אונדז די רוצחישע אומגעלומפּערטקייט פֿון יענע אַלע פֿאָרשונגען און באַשולדיקונגס־אַקטן. ער טרעט נישט אַרויס ווי קיין פֿאַרטיידיקער נאָר ווי אַ צאָרנדיקער באַשולדיקער קעגן די ק.ג.ב.־מערדער. אויב ער פֿאַרטיידיקט שוין יאָ די שרײַבער־קרבנות, איז נאָר צוליב דעם מען זאָל, חלילה, ניט באַשולדיקן יענע וואָס האָבן זיך צומאָל אײַנגעבראָכן אונטער דעם אָנרחמנותדיקן פּרעס פֿון פֿיזישע און פּסיכאָלאָגישע צוואַנגס־מעטאָדן.

דער מחבר שילדערט מיט ליבשאַפֿט און דרך ארץ דעם לעבנסוועג פֿון יעדן

איינעם פֿון די אויבן־אָנגערופֿענע ליטעראַטור־ און קולטור־שפֿערס. זיי אַלע האָבן ביז דער סאָוועטישער "באַפֿרײַונג" פֿון בעסאַראַביע, זיך גרופּירט און אַנטוויקלט זייער שעפֿערישקייט בעיקר אין בוקאַרעשט און צוזאַמען מיט אַזעלכע אויסנאַמלעכע שרײַבער־פּערזענלעכקייטן, ווי אליעזר שטיינבאַרג און איציק מאַנגער, אויסגעפֿורעמט איינע פֿון די וויכטיקסטע יידישע קולטור־צענטערס אין אייראָפּע — דעם רומענישן. אין דער פֿאַרמלחמהדיקער רומעניע איז אָבער דאַן געדיכטער געוואָרן די פֿאַשיסטיש־אַנטיסעמיטישע אַטמאָספֿער. דעריבער איז טאַקע נאַטירלעך וואָס זיי, די יידישע שרײַבערס פֿון בוקאַרעשט, האָבן געווענדעט זייערע הערצער צום סאָוועטנפֿאַרבאַנד, ווייל נאָר פֿון דאָרט, — אַזוי האָט זיך געדאַכט, — האָט געליכטיקט די שײַן פֿון נאַציאָנאַלער און סאָציאַלער אויסלייזונג. דעריבער טאַקע האָבן זיך מערסטנס פֿון זיי אַ לאָז געטאָן און זייער ערשט־"באַפֿרײַטער" און היימישער בעסאַראַביע. צי האָבן זיי דען געקענט וויסן אַז דאָס ליכט קומט פֿון גיהנום־פֿלאַם, אין וועלכן ס'איז זיי באַשערט געווען בפֿירוש דורכצוגיין אַלע פּייניקונגען פֿון די שבֿעה מדורי גיהנום?...

באַריס סאַנדלער איז קענטיק גוט באַהאַוונט אין די שאַפֿונגען פֿון די יידיש־בוקאַרעשטער און שפּעטער — קעשענעווער שרײַבערס. ער מאָלט און שילדערט גאָר פֿײַן די סבֿיבֿה פֿון זייערע טעטיקייטן, די ליטעראַרישע פּאָרטרעטן זייערע; וועגן יעדן איינעם באַזונדער גיט סאַנדלער זײַנע ליטעראַריש־קינסטלערישע דעפֿיניציעס — בצימצומדיק, אָבער טרעפֿלעך און פּרטימדיק.

כ'האָב אָנגעהויבן מײַן פֿאָרוואָרט מיט אייניקע שטריכן וועגן דער מאָסקווער "לוביאַנקע", ווײַל דאָס מיניסטעריום פֿאַר אינערלעכע ענינים (מ.וו.ד. — אַזוי האָט זיך דאַן גערופֿן דער דאָזיקער אַנשטאַלט) איז ענלעך געווען צו אַ סופּער־גיגאַנטישן ספּרות, וואָס האָט צעשפּרייט זײַנע שטשופּאַלצעס איבערן גאַנצן לאַנד, אין אַלע עקן פֿון דער סאָוועטישער אימפּעריע. סאַנדלער האָט אַנטפּלעקט פֿאַר אונדז בלויז דעם לאָקאַלן ענין 5390, דעם ענין וועגן די יידישע שרײַבערס פֿון בעסאַראַביע. ס'וווּנדערט אונדז, וואָס קיינער פֿון די מאָסקווער יידישע שרײַבערס, קולטור־טוערס און פֿאָרשערס האָבן זיך נאָך נישט דערטראַכט ביז הײַנט זיך דורכצוברעכן צו די צענטראַלע אַרכיוון פֿון דער ק.ג.ב., כדי אַנטפּלעקן פֿאַר אונדז, פֿאַר דער גאָרער וועלט די פֿאַרברעכערישע, די קאָמוניסטישע פֿאַרשווערונג קעגן יידישן פֿאָלק און זײַן קולטור.

יוסף קערלער

# דער ענין נומער 5390

1

זײַענדיק אין ניו־יאָרק האָב איך באַזוכט דעם הר הכרמל בית־עולם. דאָרט האָבן געפֿונען זייער אייביקע רו באַוווּסטע אַמעריקאַנער ייִדישע שרײַבערס, געזעלשאַפֿטלעכע, פּאָליטישע און קולטור־טוערס. אמת, ווי בײַם לעבן אָפּגעזונדערט, לויט זייער אידעאָלאָגישן, פּאָליטישן, פּאַרטייִישן און אַנדער ייִחוס — חס־וחלילה, אַז די אַנאַרכיסטן זאָלן ליגן בשכנות מיט די בונדיסטן, די בונדיסטן מיט די ציוניסטן, די ציוניסטן מיט די קאָמוניסטן, די רעכטע מיט די לינקע און פֿאַרקערט, הגם יעדער פֿון זיי האָט געחלומט מאַכן די וועלט כאָטש אַ ביסעלע בעסער, אַ ביסעלע גלײַכער, אָבער נאָר אויף זײַן אייגענעם אופֿן. צוליב דעם האָבן זיי געלעבט, געשאַפֿן, געקעמפֿט און מיט די זעלבע גדאַנקען פֿון דער דאָזיקער וועלט אַוועקגעגאַנגען.

הבֿל־הבֿלים...

דעמאָלט, געדענקט זיך, האָב איך אַ טראַכט געטאָן, אַז אייגנטלעך האָט זיי אַלע אָפּגעגליקט טאַקע דאָ צו... שטאַרבן, ווי ביטער סע זאָל נישט קלינגען, דאַרף מען אויך האָבן "מזל". זייערע מיטצײַטלער און פּען־ברידער, צענדליקער ייִדישע שרײַבערס און קולטור־טוערס פֿונעם געוועזענעם סאָוועטן־פֿאַרבאַנד האָבן אַפֿילו אַזאַ ביסל מזל אויך נישט געהאַט. קיינער קען הײַנט נישט אָנרופֿן און אָנווײַזן דאָס שטיקל פּלאַץ (שוין נישט רעדנדיק וועגן אַ מצבֿה) אויף די ברייטע רוסישע פֿעלדער, וווּ עס ליגן באַגראָבן זייערע ביינער.

דאַנקען גאָט, עס זענען פֿאַרבליבן זייערע ביכער, עס זענען פֿאַראַן ניט ווייניק פֿאָרש־אַרבעטן, געווידמעט זייער שאַפֿונג, זכרונות פֿון פֿרײַנד און קרובֿים. עס זענען אָבער נאָך פֿאַרבליבן נאָך זיי און וועגן זיי אַ סך מאַטעריאַלן, וואָס דעפֿינירן זיך אין די אַרכיוון פֿון ק.ג.ב. ווי "קרימינאַל־ענינים". מאָלט אײַך, אַ "קרימינאַל־ענין" אויף די אַרעסטירטע ייִדישע שרײַבערס: בערגעלסאָן, מאַרקיש, דער נסתּר, פֿעפֿער, קוויטקאָ, דאָברושין און אַנדערע נעמען. שײַך צו זאָגן — אַ קולטור, וואָס באַשטייט פֿון סאַמע קרימינאַלע עלעמענטן: שפּיאָנען, נאַציאָנאַליסטן, טראָצקיסטן, קאָסמאָפּאָליטן וגם, שוין ווי די גרעסטע פֿאַרברעכערס — ציוניסטן.

יאָ, מע דאַרף געהעריק אָפּשאַצן די גוואַלדיקע אַרבעט מצד די "ליטעראַטור־אויספֿאָרשער" פֿון ק.ג.ב. צענדליקער בענדער (אין יעדן באַנד ביז 300 זײַטן) — דער סך־הכּל פֿון זייער דורכגעפֿירטער אַרבעט. ווי די געלע געטאָ־לאַטעס פֿון דערנידערונגען און פּײַן זענען די "ענינים" געבליבן הענגען אויף דער געשיכטע

פֿון דער ייִדישער סאָוועטישער קולטור. און אָפּגעטאָן איז דאָס אַלץ געוואָרן נאָר צוליב איין ציל — באַשפּײַען זי, אַרויסשטעלן אויף חוזק און ענדלעך דערפֿירן ביזן סוף דאָס, וואָס ס'האָט נישט באַוויזן צו פֿאַרענדיקן היטלער ימח שמו...

אין די לעצטע עטלעכע יאָר, זינט דער "גלאַסנאָסט", האָט זיך פֿאַרשפּרייט אין סאָוועטן־פֿאַרבאַנד דער באַגריף — "ווײַסע פלעקן". דאָס מיינט, די פֿאַרבאָרגענע, ניט באַוווּסטע, ביז צו הײַנט, פֿאַרשוויגן געוואָרענע געשעענישן פֿון דער סאָוועטישער תּקופֿה. אייניקע פֿון אָט די "ווײַסע פֿלעקן", אָדער אַנדערש געזאָגט, שוואַרצע טועכצער, ווערן הײַנט אַנטפּלעקט. נאָך מער זינקען ווײַטער אין די זומפּן פֿון פֿאַרבאָרגעניש.

האַיאָר, נאָך גרויסע שוועריקייטן, האָט זיך מיר פֿון דעסטוועגן אײַנגעגעבן אַרויסצושלעפּן פֿון די דאָזיקע זומפּן דעם "קרימינאַל־ענין" אויף די בעסאַראַבער ייִדישע שרײַבערס יעקבֿ שטערנבערג, משה אַלטמאַן, מאָטל סאַקציִער, הערץ ריווקין־גײַסינער און יאַנקל יאַקיר.

דעם אמת געזאָגט, גלייב איך ווינציק, אַז נאָך די פּובליקאַציעס וועט די וועלט ווערן אַ ביסל בעסער אָדער גלײַכער. פֿון דער אַנדערער זײַט — צי קען מען דען אויפֿהערן גלייבן אין אַזאַ חלום?...

2

פיר בענדער, פֿעסט אײַנגעבונדן, יעדעס זײַטל, יעדעס פּאַפּירל אַקוראַט דורכגעשנורירט און דורכנומערירט. בײַם אָנהייב פֿון יעדן באַנד — דער אינהאַלט.

דער ערשטער דאָקומענט, "די באַשטימונג אויף אַרעסטירן" איז דאַטירט מיטן 7־טן פֿעברואַר 1949, דער לעצטער דאָקומענט "די מעלדונג" פֿון אידאַ גריצענקאָ, משה אַלטמאַנס טאָכטער, צום פֿאָרזיצער פֿון דער אוקראַיִנישער ק.ג.ב., גענעראַל־לייטענאַנט נ. מ. גאָלושקאָ, דאַטירט — 10־טער יולי 1989. פֿערציק יאָר, צונויפֿגעפּרעסט אין פיר דיקע בענדער. צענדליקער נעמען און מענטשלעכע לעבנס, פֿאַראייניקט אין איין ענין, "ענין נומער 5390".

די אויספֿאָרשונג אַליין האָט זיך אָנגעהויבן דעם 16־טן פֿעברואַר 1949 און פֿאַרענדיקט האָט זי זיך דעם 10־טן יוני 1949. מעגלעך, אַז גראָד פֿיר חדשים איז גענוג געווען די אויספֿאָרשער פֿון ק.ג.ב. (דעמאָלט מ.ג.ב. פֿון דער מאָלדאַווישער סאָוועטישער סאָציאַליסטישער רעפּובליק), כּדי זיי זאָלן דערווײַזן די שולד פֿון די אַרעסטירטע ייִדישע שרײַבערס יאַנקל יאַקיר, הערץ גײַסינער־ריווקין, מאָטל סאַקציִער און משה אַלטמאַן.

שוין אין דעם ערשטן דאָקומענט, אין דער "באַשטימונג אויף אַרעסטירן", איז אַפֿילו קיין וואָרט נישט דערמאָנט, אַז די אָרגאַנען פֿון זיכערהייט, זענען דערווײַל נאָר חושד די אָנגערופֿענע ייִדישע שרײַבערס אין דער באַגאַנגענער קרימינעלער

טעטיקייט. ניין, פֿאַרקערט, נאָך איידער די אויספֿאָרשונג האָט זיך אָנגעהויבן, נאָך איידער די שרײַבערס זענען אַרעסטירט געוואָרן זענען די אויספֿאָרש־אָרגאַנען זיכער געווען אין זייער שולד.

אין וואָס זשע האָט מען יעדן פֿון זיי קאָנקרעט באַשולדיקט?

"יאַקיר יאַקאָוו יאָסיפּאָוויטש — געבוירן אין 1908 אין שט. פּערליץ, אַ ייִד, אַ שרײַבער, זײַן ליטעראַרישער פּסעוודאָנים — "יא. לעפּושניאַנו", אַן אומפּאַרטייִישער, בירגער פֿון סאָוועטן־פֿאַרבאַנד, וווינט אין קעשענעוו אויף דער גאַס 28 יוני, 40, ווערט באַשולדיקט אין דעם, אַז ער, זײַענדיק אַ מיטגליד פֿונעם מאָלדאַווישן שרײַבער־פֿאַראיין, האָט אײַנגעשטעלט און אונטערגעהאַלטן פֿאַרברעכערישע פֿאַרבינדונגען מיטן פֿאַראַנטוואָרטלעכן סעקרעטאַר פֿונעם ייִדישן אַנטיפֿאַשיסטישן קאָמיטעט אין מאָסקווע, דעם איצט אַרעסטירטן — פֿעפֿער, וועלכן ער האָט רעגולער איבערגעשיקט אַנטיסאָוועטישע, נאַציאָ־נאַליסטישע נאָטיצן און אַרטיקלען. יאַקיר האָט אויך אײַנגעשטעלט קאָנטאַקטן מיט אַ רייע קולטור־אָרגאַניזאַציעס און ייִדישע שרײַבערס פֿון פּ.ש.א., וועלכע ער האָט אינפֿאָרמירט, אויסגעשפּראָכן פֿאַלש, וועגן דער לאַגע אין מאָלדאַוויע און אין סאָוועטן־פֿאַרבאַנד. חוץ דעם, זאָגט יאַקיר אַרויס שאַרפֿע אַנטיסאָוועטישע און נאַציאָנאַליסטישע אָנשויונגען.

סאַקציִער מאָרדקאָ־הערש אַבראַמאָוויטש — געבוירן אין 1907 אין שט. לעאָוואָ, אַ ייִד, אַ שרײַבער, אַן אומפּאַרטייִישער, וווינט אויף דער קופּריאַנאָווסקי גאַס, 49. ווערט באַשולדיקט אין דעם, אַז ער, זײַענדיק אַ ייִדישער שרײַבער, האָט אײַנגעשטעלט און אונטערגעהאַלטן פֿאַרברעכערישע פֿאַר־בינדונגען מיט די אַרעסטירטע ייִדישע נאַציאָנאַליסטן שטערנבערג, יאַקיר און גײַסינער, אַרויסגעזאָגט צוזאַמען מיט זיי שאַרפֿע אַנטיסאָוועטישע, נאַציאָ־נאַליסטישע, פּראָאַמעריקאַנישע אָנשויונגען. זײַענדיק אויך אַ ציוניסט, האָט ער צוזאַמען מיט די אויבנאָנגערופֿענע פּערזאָנען געמאַכט פּרווון אַרויסצופֿאָרן קיין פּאַלעסטינע, וואָס ווערט באַשטעטיקט דורך די באַווײַזן פֿון יאַקירן, ווי אויך דורך אַנדערע מאַטעריאַלן. חוץ דעם, מורא האָבנדיק, אַז מע וועט אים אַרעסטירן, איז סאַקציִער אַנטלאָפֿן פֿון קעשענעוו און איז איבערגעגאַנגען אין אַן אומלעגאַלן צושטאַנד.

גײַסינער הערץ לייזעראָוויטש — געבוירן אין 1908, אין שט. קאַפּרעשט, קאָטיזשאַנער געגנט, אַ ייִד, אַ שרײַבער, זײַן ליטעראַרישער פּסעוודאָנים — "ע. ריווקין", אַן אומפּאַרטייִשער, וווינט אין קעשענעוו אויף דער שטשוסעווע גאַס, 71. ווערט באַשולדיקט אין דעם, אַז ער, זײַענדיק אַ ייִדישער

שרײַבער, האָט אײַנגעשטעלט און אונטערגעהאַלטן פֿאַרברעכערישע פֿאַר־בינדונגען מיטן פֿאַראַנטוואָרטלעכן סעקרעטאַר פֿונעם ייִדישן אַנטיפֿאַשיסטישן קאָמיטעט אין מאָסקווע, איצט אַרעסטירטן — פֿעפֿער איסאַק. ווײַטער פֿלעגט גײַסינער ניט איין מאָל אַרויסזאָגן צוזאַמען מיטן אַרעסטירטן יאַ. יאַקיר שאַרפֿע אַנטיסאָוועטישע, נאַציאָנאַליסטישע און פּראָאַמעריקאַנישע אָנשויונגען, זײַענדיק אויך אַ ציוניסט, האָט ער געמאַכט פּרוּוון אַרויסצופֿאָרן פֿון פּ.ס.ס.ר. קיין פּאַלעסטינע, וואָס באַשטעטיקט זיך דורך די באַווײַזן פֿון יאַקירן, ווי אויך מיט אַנדערע מאַטעריאַלן.

אַלטמאַן מאָיסעי עליעוויטש – געבוירן אין 1890 אין שט. ליפּקאַן, אַ ייִד, בירגער פֿון פּ.ס.ס.ר., אַ ייִדישער שרײַבער, וווינט אין טשערנאָוויץ אויף דער סקאָוואָראָדאַ־גאַס, 7, ד. 6. ווערט באַשולדיקט אין דעם, אַז ער, זײַענדיק אַן איבערצײַגטער ייִדישער נאַציאָנאַליסט, האָט געפֿירט צווישן דער ייִדישער אינטעליגענץ אַן אַקטיווע אַנטיסאָוועטישע טעטיקייט, וואָס האָט דיסקרעדיטירט די פּאָליטיק פֿון דער סאָוועטישער רעגירונג און דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. געשטימט אַנטיסאָוועטיש, האָט אַלטמאַן געוואָלט אַנטלויפֿן קיין אויסלאַנד, כּדי דאָרט פּובליקירן זײַנע בילבול־אינסינואַציעס וועגן סאָוועטן־פֿאַרבאַנד. דערצו האָט ער געזאָגט: "...אויב ס'וועט זיך מיר אײַנגעבן אַרויסשאַרן זיך קיין אויסלאַנד, וועל איך זיך דאָרט מיט זיי (פּ.ס.ס.ר.) אָפּרעכענען ווי ס'קער צו זײַן". די לעצטע צײַט, נאָך דער צעשמעטערונג פֿון די קאָסמאָפּאָליטן, וואָס זענען דורכגעקראָכן אין די רייען פֿון סאָוועטישע שרײַבערס, האָט ער געפּרוּווט דערווײַזן, אַז אָט די אַקציע איז דורכגעפֿירט געוואָרן, ווײַל די סאָוועטישע רעגירונג פֿירט אַן אַנטיסעמיטישע פּאָליטיק. די פֿאַרברעכערישע טעטיקייט פֿון אַלטמאַנען באַשטעטיקט זיך דורך די באַווײַזן פֿונעם אַרעסטירטן אין קעשענעוו יאַקירן, ווי אויך מיט אַנדערע מאַטעריאַלן."

לאָמיר דערלאָזן, אַז יאַקיר, גײַסינער־ריווקין, סאַקציער און אַלטמאַן זענען טאַקע באַגאַנגען די אַלע גרויסע חטאים, אין וועלכע ס'באַשולדיקט זיי דער קאָמיטעט פֿון מלוכישער געפֿאַרלאָזיקייט. צוליב דעם וואָלטן אָבער די זיכערהייט־אָרגאַנען געדאַרפֿט האָבן אומאָפּפֿרעגלעכע דערווײַזלעכקייט פֿון דער דאָזיקער שולד. אויף וואָס פֿאַר אַ דערווײַזן האָט זיך באַזירט, אַ שטייגער, דער מיטאַרבעטער פֿון דער קעשענעווער ג.ב., דער עלטערער לייטענאַנט סמירנאָוו און דער גוואַרדיע־קאַפּיטאַן פּלאַטאָנאָוו פֿון דער טשערנאָוויצער ג.ב., בעת זיי האָבן אויסגעשריבן "די באַשטימונגען" זייערע צום אַרעסטירן די גרופּע בעסאַראַבער ייִדישע שרײַבער? וואָס פֿאַר אַ קאָנקרעטע פֿאַקטן קעגן זיי האָט געהאַט דער פּראָקוראָר קאָלעסניק, כּדי סאַנקציאָנירן די אַרעסטן?

אין דער "באַשטימונג אויף אַרעסטירן" יאַקירן — אים האָט מען פֿאַרנומען דעם ערשטן — איז דאָ בלויז איין אָנווייַזונג, אַפֿילו ניט קיין "אָנווייַזונג", — אַן אָנצוהערעניש: "פֿאַנאַנדערגעקוקט די מאַטעריאַלן וועגן זײַן פֿאַרברעכערישער טעטיקייט". אין די איבעריקע "באַשטימונגען" פֿאַררופֿט מען זיך שוין אויף די "אַנערקענונגען" פֿון יאַקירן און ווידער: "אויף אַנדערע מאַטעריאַלן".

וואָס זשע זענען דאָס פֿאַר אַזעלכע סודותפֿולע "אַנדערע מאַטעריאַלן?" — מסירות. מסירות פֿון באַצאָלטע געהיים־אַגענטן און מסירות פֿון נישט באַצאָלטע, פֿרייַוויליקע מוסרים. יאָ. אין אַלע צייַטן, זינט די וועלט שטייט, זענען געווען און פֿאַראַן הייַנט אויך אַזעלכע פערזאָנען. שוין אָפּגערעדט וועגן סטאַלינס צייַטן, ווען ס'האָט זיך געשאַפֿן אַ גאַנצע אינסטיטוציע פֿון טאָטאַלן נאָכשפּירן איינער נאָכן אַנדערן, אַזאַ, ניט־אַרויסגעזאָגטער אויף אַ קול, באַפֿעל: "אויב נישט דו וועסט צוטראָגן, וועט מען צוטראָגן אויף דיר".

ווי ס'איז באַוווּסט, איז גענוג געווען נאָר איין אָנדייַט מיטן פֿינגער, כּדי אַ באַליביקער מענטש, אָן אַ פֿאַרוואָס, זאָל תּיכף פֿאַרשווונדן ווערן אויף אייביק. לאָזט זיך אויס, אַז די ייִדישע קולטור־טוּערס בכלל און די ייִדישע שרייַבערס פֿון דער סאָוועטישער מאָלדאַוויע בפֿרט האָבן נאָך געהאַט צו אַלע צרות אויך אַ ביסל "גליק": מ'האָט יעדן פֿון זיי ניט פּשוט אַרעסטירט איבער אַן "אָנדייַט מיטן פֿינגער", נאָר, ווי עס פֿירט זיך בײַ לייַטן, אָנגעהויבן "אויסצופֿאָרשן" זייערע מעשׂים מיט אַלע פּיטשעווקעס: מיט פֿאַרהערן יעדן גופֿא, פֿאַרהערן עדות, מיט שטעלן אויג אויף אויג איינעם מיטן צווייטן, מיט פֿירן פּראָטאָקאָלן און אַ.וו.

צוריק גערעדט, אויב ס'איז גענוג געווען, כּדי באַשולדיקן און אײַנזעצן אַן אומשולדיקן מענטש, אויב ס'איז גענוג געווען נאָר אַ שמוציקע מסירה, צוליב וואָס זשע האָט מען די גאַנצע קאַטאַוואַסיע מיט דער "אויספֿאָרשונג" באַדאַרפֿט האָבן? יעדער איינוווינער, וועלכער האָט דורכגעמאַכט אַ שטיק לעבן אויף דעם אָרט, וואָס האָט זיך עטלעכע און זיבעציק יאָר גערופֿן "סאָוועטן־פֿאַרבאַנד", וועט אַזאַ פֿראַגע קיינמאָל נישט שטעלן, ווייַל יעדע רגע פֿון זײַן עקזיסטענץ האָט מען אים אַרייַנגעקלאַפּט אין קאָפּ, אַז ער איז ניט מער ווי אַ "שרייַפֿל" אין דער מלוכישער מאַשין.

די יעזויִטן פֿון ק.ג.ב. האָט לחלוטין נישט אינטערעסירט צו דערווייַזן די שולד פֿון די אַרעסטירטע. זייער אויפֿגאַבע איז געווען דערפֿירן דעם מענטשן צו אַזאַ צושטאַנד, אַז ער אַליין זאָל געבן "באַווייַזן" קעגן זיך, זיך אָנערקענען אין דעם, אין וואָס ער איז ניט שולדיק. נאָך מער, מיט זײַנע באַווייַזן זאָל ער אויך באַשולדיקן אַנדערע, אפֿשר די סאַמע נאָענטע פֿרייַנד זײַנע.

אין 40־סטן יאָר, לויטן פֿאַקט "ריבענטראָפּ־מאָלאָטאָוו", איז בעסאַראַביע געוואָרן אַ טייל פֿון סאָוועטן־פֿאַרבאַנד. קיין קעשענעוו, נאָך אַ היפּשער צײַט לעבן און אַרבעטן אין בוקאַרעשט האָבן זיך אומגעקערט יעקבֿ שטערנבערג, משה אַלטמאַן, הערץ ריווקין, מאָטל סאַקציִער, הערש צעלמאַן, ישׂראל בראָנשטיין, חיים קליינמאַן, שמואל קושינאָווסקי און יחיאל שרײַבמאַן. אומגעקערט האָבן זיי זיך נישט נאָר דערפֿאַר, ווײַל דאָ, אין די בעסאַראַבער שטעטלעך זענען זיי געבוירן געוואָרן און אויפֿגעוואַקסן, ווײַל דאָ האָבן געלעבט זייערע נאָענטע מענטשן — עלטערן, ברידער און שוועסטער, פֿרײַנד, נאָר אויך, ווײַל זייערע אינווייניקסטע שטרעבונגען, זייערע טרוימען, האָבן זיי געקלערט, קענען מקוים ווערן נאָר דאָ אין זייער היים, וווּהין "די רויטע אַרמיי האָט געבראַכט די געגאַרטע פֿרײַהייט". אַזוי האָבן זיי דעמאָלט געטראַכט און געטראַכט אויפֿריכטיק.

דאָס פֿערציקסטע יאָר האָט ווי אונטערגעפֿירט אַ סך־הכּל צו דעם, וואָס ס'איז געווען דאָרט, אין זייער רומענישן פּעריאָד, ווי אויך אָנגעהויבן אָפּציילן די טעג און יאָרן פֿון דעם סאָוועטישן פּעריאָד.

דאָרט האָבן זיי אָנגעהויבן צו שאַפֿן און דרוקן זיך, דאָרט האָט זיך פֿאָרמירט זייער קוק אויף דער וועלט.

אין די 20–30־קער יאָרן איז בוקאַרעשט געווען אַ גרויסער צענטער פֿון ייִדישער קולטור מיט אַ פֿאַרצווײַגטער נעץ ייִדישע קולטור־אינסטיטוציעס, טעאַטערס און טעאַטער־טרופּעס, שרײַבערס און פֿאַרשידענע ליטעראַטור־קרײַזלעך, אויסגאַבעס און שולן.

די בעסאַראַבער שרײַבער־גרופּע האָט זיך בײַם אָנהייב געזאַמלט אַרום דער ליטעראַריש־געזעלשאַפֿטלעכער צײַטונג "די וואָך", דערשינען אין 1935, בראש מיט ש. ביקל, י. שטערנבערג און מ. אַלטמאַן. שפּעטער מיט אַ יאָר, — ווען "די וואָך" האָט מען פֿאַרמאַכט, — אַרום דעם זשורנאַל "שויבן", וועלכן ס'האָט רעדאַגירט שטערנבערג און ביקל.

יחיאל שרײַבמאַן, דער ייִנגער צווישן יענער פּלעיאַדע בעסאַראַבער שרײַבערס אין רומעניע, פֿאַרצייכנט אין זײַן ראָמאַן "זיבן יאָר מיט זיבן חדשים": "...שטערנבערג האָט אומגעשפּאַנט אויף די בוקאַרעשטער גאַסן אַן עלעגאַנטער און שטאָלצער, האָט זיך געדאַכט, ווי אַ קיניג אין זײַן קיניגרײַך. דאָס האָט זיך אָבער נאָר געדאַכט. זײַן דרויסנדיקע עלעגאַנטישקייט און צוגעקעמטע ציכטיקייט האָט פֿאַרדעקט זײַן אינעווייניקסט רײַסן פֿון זיך אייביק שטיקער. משה אַלטמאַן איז אומגעגאַנגען עפּיש־רויִק, עפּיש־מהיכא־תיתידיק און ניחאדיק, ווי עס ליגט אין דער נאַטור פֿון אַ געבוירענעם, גאָטס־געבענטשטן דערציילער. דער דיכטער יעקבֿ שטערנבערג, דער גרעסטער, טראַכט איך הײַנט, צווישן די גרעסטע, האָט אייביק געפֿיבערט, אייביק געבייזערט זיך אויף זיך, אייביק געספּקט,

צי די דיכטונג זײַנע דערגרייכט די הייכן, וואָס ער גאַרט, אייביק געזוכט און אייביק געטראַכט, אַז ניט דאָס, וואָס ער זוכט, געפֿינט ער...

דער יונגער דיכטער דעמלט מאָטל סאַקציִער האָט פֿאָרגעזעצט שטערנבערגס מאָדערניסטישע ליד־פֿאָרם, זײַן וויזיִאָנערישקייט, די שפּראַכלעך־קאָמפּליצירטע בילדערישקייט זײַנע. סאַקציִערס דעמאָלטיקע און שפּעטערדיקע לידער האָבן געירשנט שטערנבערגס קנייטשעלעך און חן־פֿינטלעך, ממש ווי אַ זון ירשנט אַזוינס בײַ זײַן פֿאָטער. הערץ ריווקין פֿאַרקערט, האָט אין זײַן דיכטונג געירשנט שטערנבערגס פּשטות, שטערנבערגס דין־געשליפֿענע לירישקייט, שטערנבערגס אויסוווייטיקן און אויסבלוטיקן אַ ליד... יאַנקל יאַקיר איז געווען אײַנגעטונקען אין בעסאַראַבישקייט. אי זײַן אויסזען, זײַן פּראַסטקייט און אומיטלבאַרקייט, אי דער סאַמעראָדנער בעסאַראַבער דערציילער־טאַלאַנט זײַנער. ס'האָבן זיך אין אים צונויפֿגענומען אַלע ייִדישע שטעטלעך, צעוואָרפֿענע צווישן די בעסאַראַבער קאָדרעס. ס'האָט פֿון אים שטענדיק געפֿלייצט, ווי פֿון אַ קוואַל, עכט בעסאַראַבישער פֿאָלקס־הומאָר. בעסאַראַבער געשיכטעס, ייִדיש־בעסאַראַבישע דוינע־ניגונים, ווי אויסגעשפּילט פֿון אַ פֿאַסטעכל אויף אַ פֿלייער...״

מען דאַרף דאָ נאָך צוגעבן, אַז אין דעם ״רומענישן פּעריאָד״ האָט שטערנבערג זיך אויסגעטיילט ווי אַ גלענצדיקער טעאַטער־רעזשיסער. ״ס'וועט ניט זײַן קיין גוזמא, — דערמאָנט זיך שרײַבמאַן, — אַ זאָג צו טאָן, אַז יעקבֿ שטערנבערגן האָבן געקענט אַלע הונדערט טויזנט בוקאַרעשטער ייִדן. ייִדן און ניט ייִדן. זײַן ווירטואָזע דיכטונג האָבן, פֿאַרשטייט זיך, טועם געווען געציילטע, די נאָוואַטאָריש־טעאַטראַלע אויפֿטועון זײַנע — אַלע״.

מיטבאַטײַליקטע אין די ייִדישע קולטור־אָרגאַניזאַציעס — ״קולטור־ליגע״, שפּעטער אין דעם רומענישן אָפּטייל פֿון ״איקוף״, איז קיינער פֿון זיי דירעקט ניט געווען קיין מיטגליד פֿון עפּעס אַ פּאָליטישער אָרגאַניזאַציע. דאָך מער אָדער ווייניקער סימפּאַטיזירט מיט די ״לינקע״.

די כוואַליע פֿון פּאָליטישע פּראָצעסן, וואָס זענען דורכגעגאַנגען אין מאָסקווע אין די דרײַסיקער יאָרן, האָבן נישט געקענט ניט געפֿינען קיין אָפּקלאַנג אויך צווישן די פּראָגרעסיווע ייִדישע קרײַזן אין רומעניע. אַזוי, אַשטייגער, אין 37־סטן יאָר האָט הערץ ריווקין אָנגעשריבן דאָס ליד ״עלעגיע״ (דערשינען אינעם לידער־ביכל זײַנעם ״פֿון שכנישן דאָרף״ אין 1938), וווּ ער, אַ פֿאַרלוירענער, פֿול מיט ספֿקות פֿרעגט: ״ווער ביסטו, ווער — פֿירער צי פֿאַרפֿירער?״

דעם נעגאַטיוון ענטפֿער, נישט אויף זײַן פֿראַגע, אויף דעם וואַגן אַפֿילו צו שטעלן אַזאַ פֿראַגע, האָט באַלד געגעבן דער צענטראַלער קאָמיטעט פֿון דער רומענישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, וועלכער האָט אין דער בראָשור ״סקינטעיאַ״ (״פֿונק״) באַשולדיקט דעם דיכטער אין סימפּאַטיזירן און באַוויינען די טראָצקיסטן.

דער פֿאַקט פֿון אָנשרײַבן אַזאַ "שעדלעכע עלעגיע" איז טראַגיש געבליבן שטעקן אין זײַן לעבן — פֿונעם ערשטן טאָג פֿון זײַן אומקערן זיך קיין קעשענעוו, ביזן לעצטן, דעם 14 נאָוועמבער 1951, ווען דער פֿאַרמישפּטער הערץ גײַסינער, האָט אויסגעהויכט די נשמה נאָך דער אָפּעראַציע אינעם פּעסטשאַנע־לאַגער, גאָר־גאָר ווײַט פֿון דעם שכנישן בעסאַראַבער דאָרף, וואָס ער האָט אַזוי ליב געהאַט און באַזונגען אין זײַנע לידער.

לאָמיר זיך אָבער אומקערן צום 40־סטן יאָר — אַ קורצס, נאָר אַ ניט קיין פּשוטס, פֿול מיט האָפֿענונג און מיט ערשטע אַנטוישונגען. אין משך פֿון אָט דעם יאָר האָט דער היגער שרײַבער־פֿאַראיין אײַנגעאָרדנט יעדן ייִדישן שרײַבער, וואָס איז געקומען פֿון רומעניע, אַ ליטעראַרישן אָוונט. משה אַלטמאַן און יחיאל שרײַבמאַן זענען קאָאָפּטירט געוואָרן אין שרײַבער־פֿאַראיין. יעקבֿ שטערנבערגן האָט מען געמאַכט פֿאַר אַ קינסטלערישן אָנפֿירער פֿונעם געשאַפֿענעם ייִדישן טעאַטער.

אָבער אויך אין דער זעלבער צײַט, האָט די נײַע מאַכט אײַנגעזעצט דעם געוועזענעם הויפּט־רעדאַקטאָר פֿון דער ייִדישער צײַטונג "אונזער צײַט", וואָס איז יאָרנלאַנג דערשינען אין קעשענעוו (1922–1938), דעם דיכטער זלמן ראָזענטאַל. צענדליקער אַקטיוויסטן פֿון דער בעסאַראַבער ציוניסטישער באַוועגונג, רעליגיעזע, געזעלשאַפֿטלעכע טוער און גלאַט ייִדן פֿון דער אינטעליגענץ זענען אַרעסטירט און פֿאַרשיקט געוואָרן אין די ווײַטע מקומות פֿון "גולאַג" (הויפּט־אַדמיניסטראַציע פֿון די צוואַנגס־לאַגערן). אַ סך פֿון זיי האָבן זיך שוין צוריק נישט אומגעקערט. זלמן ראָזענטאַל האָט זיך באַפֿרײַט ערשט אין 1954. קראַנק און מאָראַליש צעבראָכן, האָט זיך זײַן לעבנס־וועג פֿאַרענדיקט אין 1959.

אָנהייב אָסיען 1940 האָט מען שטערנבערגן געשיקט אין אַ שעפֿערישער קאָמאַנדירונג קיין מאָסקווע. דאָרט האָט געשפּילט דער באַרימטער "גאָסעט", דאָרט האָט געקאָכט דאָס סאָוועטישע ייִדישע ליטעראַטור־לעבן. חוץ דעם איז מאָסקווע געווען דעמאָלט אַ סימבאָל פֿון אַל דאָס נײַעם, וואָס האָט אַזוי געצויגן צו זיך יעדן און אַלעמען, אי די פֿרײַנד, אי די שׂונאים. מיט מאָסקווע האָט די פּראָגרעסיווע וועלט פֿאַרבונדן אַלע אירע ליכטיקע טרוימען און האָפֿענונגען. מעגלעך, אַז באַגײַסטערט מיט אַזעלכע געדאַנקען איז שטערנבערג געפֿאָרן אין זײַן ערשטער שעפֿערישער קאָמאַנדירונג.

נאָך זײַן אומקערן זיך אין יאַנואַר 1941, האָט ער זיך באַגעגנט אינעם ייִדישן טעאַטער מיט יאַנקל יאַקירן. אויף זײַן אויספֿרעגן: וואָס און ווער און ווען, האָט אים שטערנבערג קורץ געענטפֿערט: "יאַקיר, איר זענט נאָך נישט ניכטער געוואָרן פֿון דער שיינער סאָוועטישער ווירקלעכקייט?"...

כ'ווייס נישט, ווי ווײַט האָט יאַקיר פֿאַרשטאַנען דעמאָלט דעם זאָג פֿון זײַן עלטערן פֿעדער־ברודער, אָבער שפּעטער מיט אַכט יאָר, אויף איינעם פֿון די פֿאַרהערן

אין מ.ג.ב., פֿילנדיק אויף זיך די גאַנצע קראַפֿט פֿון דער "סאָוועטישער ווירקלעכקייט", האָט ער זיך אין די דאָזיקע ווערטער דערמאָנט.

4

דעם טעם פֿון פֿאַשיזם האָבן די בעסאַראַבער ייִדן פֿאַרזוכט נאָך לעבנדיק אין רומעניע, בעת אין 1938 איז צו דער מאַכט געקומען קוזאַ־גאָגאַ. אויף די פֿאָנען און אויף די "פּרימאַריעס" ("מוניציפּאַליטעטן") האָבן זיך באַוויזן שוואַרצע האַקן־קרייצן. די ייִדן אין די דערפֿער, שטעט און שטעטלעך האָבן יעדן טאָג געוואַרט אויף אַ פּאָגראָם. אפֿשר מער ווי עמעצער, האָבן געפֿילט דעמאָלט דעם טשאַד פֿון אַ נאָענטער שחיטה, די ייִדישע מוטערס. און מעגלעך, אַז נאָר גאָט האָט די געפֿילן זייערע פֿאַרשטאַנען. פֿאַרשטאַנען און גאָרנישט ניט פֿירגענומען.

שוין אין די ערשטע מלחמה־חדשים זענען נאָר אין קעשענעוו אומגעבראַכט געוואָרן אַריבער צוועלף טויזנט ייִדן, וואָס האָבן ניט באַוויזן, אָדער נישט געקענט עוואַקויִרן זיך. נאָך איידער די אַרמיי פֿון אַנטאָנעסקו האָט אָנגעהויבן באַלעבאַטעווען אין בעסאַראַביע, האָבן די היגע פּויערים זיך שוין צוגעכאַפּט צום ייִדישן האָב־און־גוטס, גערויבט און געקוילעט זייערע שכנים.

בײַם אָנהייב האָט מען בעסאַראַבער ייִדן מאָביליזירט אין דער רויטער אַרמיי, אָבער אינגיכן זיי אָפּגעלאָזט, געהייסן זיי אומקערן זיך אַהיים אָדער זוכן די משפּ־חות. די "רויטע" האָבן זיי נישט געטרויט צו דינען, צוליב זייער לעבן פֿריִער אין דער קיניגלעכער רומעניע. די "ברוינע" האָבן אויסגעלאָזט דעם כּעס צו די בעסאַראַבער ייִדן, ווײַל יענע האָבן כּלומרשט פֿאַרקויפֿט בעסאַראַביע צו די "רויטע".

די מלחמה האָט פֿאַרוואָרפֿן שטערנבערגן, ריווקינען, סאַקציִערן און יאַקירן אַזש קיין מיטל־אַזיע. שטערנבערג און סאַקציִער האָבן געאַרבעט אין טאַשקענט אין דער קאָנצערט־גרופּע פֿון דער ייִדישער פֿאָלקס־אַקטריסע סידי טאַל. ריווקין האָט ביזן 46־סטן יאָר געלעבט און געאַרבעט ווי אַ בוי־מײַסטער אויף דער בויונג פֿונעם ציין־קאָמבינאַט אין מאַרגעלאַן (אוזבעקיסטאַן); יאַקיר מיט דער משפּחה האָט איבערגעלעבט די מלחמה אינעם ווײַטן שטעטל כּאַנקי, כּאַרעזמער געגנט, ווו ער האָט אונטערריכט דײַטש אין אַ רוסישער זיבניעריקער שול.

במשך פֿון דער גאַנצער צײַט פֿון דער עוואַקואַציע האָבן זיי זיך איבערגעשריבן איינער מיטן אַנדערן, געהאָפֿט זיך ווידער טרעפֿן אין זייער קעשענעוו, כּדי ווײַטער פֿאָרזעצן די ליטעראַרישע אַרבעט. אין די בריוו אָנערקענען זיי, אַז אין די ווײַטערדיקע באַציִונגען זייערע איז וויכטיק קודם־כּל די געמיינזאַמע פֿאַר־גאַנגענהייט זייערע, זייער פֿרײַנדשאַפֿט, נישט די סתירות. די ייִדן לײַדן פֿון דער מלחמה מער פֿון אַלע פֿעלקער, און דער טראַגישער פֿאַקט וועקט אין זיי דעם געדאַנק וועגן אַ גײַסטיקער פֿאַראייניקונג צווישן אַלע ייִדן אין דער וועלט און אַ נײַער אויפֿלעבונג פֿונעם ייִדישן פֿאָלק.

אין 43־סטן יאָר פֿאָרט שטערנבערג אַריבער קיין מאָסקווע, ווו ער הייבט אָן מיטצואַרבעטן אינעם ייִדישן אַנטיפֿאַשיסטישן קאָמיטעט. מיט אַ יאָר פֿריִער, זייענדיק אין מאָסקווע בשײַכות זײַנע שעפֿערישע ענינים, באַגעגנט ער זיך דאָרט מיט אַנאַ פּאַוקער — מיטגליד פֿון דעם רומענישן קאָמוניסטישן צענטראַל־קאָמיטעט, — בײַ וועלכער ער דערוויסט זיך, אַז משה אַלטמאַן געפֿינט זיך איצט אין סאַראַטאָווער געגנט און, אַז ער בעט אין זײַן בריוו צו אַנאַ פּאַוקער, זי זאָל אים געבן אַ רעקאָמענדאַציע אויף אַרויסצופֿאָרן קיין אַמעריקע, כּדי ער זאָל קענען פֿירן דאָרט אָן אַרבעט אויף דער ייִדישער גאַס — די ייִדן פֿון דער וועלט זאָלן שטיצן רוסלאַנד אין דער מלחמה. אַנאַ פּאַוקער האָט אָבער אַלץ אויסגעטײַטשט אויף איר אופֿן: זי האָט חושד געווען דעם אַמאָליקן פֿרײַנד אירן, אַז ער וויל פּשוט אַנטלויפֿן קיין אַמעריקע. שטערנבערג איז, אַ פּנים, געווען נישט דער לעצטער, וועמען אַנאַ פּאַוקער האָט דערציילט וועגן אַלטמאַנס פֿאָרשלאַג. שפּעטער אויף די פֿאַרהערן האָבן די אויספֿאָרשער זיך זייער אינטערעסירט מיט דעם פֿאַקט פֿון אַלטמאַנס ביִאָגראַפֿיע.

אַגבֿ, סוף 1943 איז בערך מיט אַזאַ מיסיע, וועגן וועלכער עס שרײַבט אַלטמאַן, געשיקט געוואָרן קיין פֿ.ש.א., קאַנאַדע, מעקסיקאָ און ענגלאַנד שלמה מיכאָעלס און איציק פֿעפֿער. פֿאַרשטייט זיך, אַז נאָכן אויסנוצן זיי, האָט די מאַכט "אָפּגעדאַנקט" — באַשולדיקט זיי אין פֿאַרראַט און שפּיִאָנאַזש לטובֿת אַמעריקע.

ווי מען זאָל זיך הײַנט נישט באַציִען צו דער טעטיקייט פֿונעם ייִדישן אַנטיפֿאַשיסטישן קאָמיטעט, צו דער צײַטונג "איינקייט" — זאָל מען זי רופֿן "רופֿאָר פֿון די יעווסעקעס", "פּראָפּאַגאַנדע מצד דער סאָוועטישער רעגירונג" און אַזוי ווײַטער, — איז די דאָזיקע סאָוועטישע אינסטיטוציע קודם־כּל און פֿריִער פֿון אַלץ, געווען אַ ייִדישע אינסטיטוציע, וואָס איז בכּוח געווען אין יענע שוואַרצע יאָרן דערמאָנען די ייִדן פֿון דער גאָרער וועלט, אַז "אַלע זענען זיי פֿאַראַנטוואָרטלעך איינער פֿאַרן אַנדערן". די מיטאַרבעטערס פֿונעם קאָמיטעט, די ייִדישע שרײַבערס, קולטור־און־געזעלשאַפֿטלעכע טוערס האָט זיך אײַנגעגעבן דורך דער געדיכטער זיפּ פֿון דער סאָוועטישער סיסטעם דורכזיפּן פֿון דעסטוועגן, אַ ביסל אמת וועגן דעם ייִדישן קיום אין סאָוועטן־פֿאַרבאַנד, באַזונדערס אין די נאָכמלחמה־צײַטן. סוף־כּל־סוף האָבן זיי אַלע באַצאָלט פֿאַר דעם ביסל אמת די גרעסטע פּרײַז.

אין 1942, בעת ס'האָט אָנגעהויבן דערשײַנען אין קויבישעוו די צײַטונג "איינקייט", האָבן אַ סך ייִדישע שרײַבערס באַקומען בריוו מיטן פֿאָרשלאַג מיטצואַרבעטן. אונטערגעשריבן האָבן דעם בריוו ד. בערגעלסאָן, אי. פֿעפֿער און ש. עפּשטיין. אויף דעם פֿאָרשלאַג האָט יאַנקל יאַקיר געענטפֿערט מיט זײַן ליד "בעסאַראַבער נאַכט".

צי האָט ער געקענט וויסן דעמלט, אַ באַפֿליגלטער פֿון דעם אומגעריכטן

פֿאָרשלאָג, אַז פֿון דעם אַרײַנגעשיקטן ליד הייבן זיך אָן זײַנע "פֿאַרברעכערישע פֿאַרבינדונגען" מיט איציק פֿעפֿער און מיטן אַנטיפֿאַשיסטישן קאָמיטעט?

פּראָטאָקאָל פֿון דעם פֿאַרהער אויפֿן אַרעסטירטן שרײַבער פֿעפֿער איסאַק סאָלאָמאָנאָוויטש. (פֿונעם "ענין נומער 2021").

דער 25־סטער מאַי 1949.

**פֿראַגע:** צווישן די ייִדישע שרײַבערס, וואָס האָבן מיטגעאַרבעט אינעם ייִדישן אַנטיפֿאַשיסטישן קאָמיטעט איז געווען איינער אַ שרײַבער יאַקיר. איר זענט געווען מיט אים פּערזענלעך באַקאַנט?

**ענטפֿער:** מיטן ייִדישן דיכטער יאַקיר יאַקאָוו יאָסעפֿאָוויטש האָב איך זיך דאָס ערשטע מאָל באַגעגנט סוף יוני 1940 אין דער שטאָט קעשענעוו, נאָכן פֿאַראייניקן בעסאַראַביע מיט סאָוועטן־פֿאַרבאַנד.

קיין קעשענעוו האָט מיך געשיקט די פּאָליטישע פֿאַרוואַלטונג פֿונעם קיִעווער מיליטער־קרײַז ווי אַ רעדקאָלעגיע־מיטגליד פֿון דער צײַטונג "בעסאַראַבסקאַיאַ פּראַוודאַ" ("בעסאַראַבער אמת"), און יאַקיר האָט זיך דעמאָלט געווענדעט צו מיר מיט אַ ביטע צוציִען אים צו דער ליטעראַרישער אַרבעט.

לויט זײַנע ווערטער האָט ער פֿריִער געלעבט אין בוקאַרעשט און איז אַנטלאָפֿן פֿון דאָרטן קיין קעשענעוו, כּדי נעענטער זײַן צום סאָוועטן־פֿאַרבאַנד בשעתן באַפֿרײַען בעסאַראַביע פֿון דער רומענישער הערשאַפֿט.

אין קעשענעוו בין איך אָפּגעווען ביז סעפּטעמבער 1940 און נאָכן אַוועקפֿאָרן האָב איך זיך מער מיט יאַקירן נישט געטראָפֿן.

**פֿראַגע:** אָבער פֿאַרגעזעצט מיט אים שריפֿטלעכע פֿאַרבינדונגען?

**ענטפֿער:** אין 1943 האָב איך באַקומען פֿון יאַקירן אַ בריוו, ווו ער האָט מיר מיטגעטיילט, אַז פֿון קעשענעוו האָט ער זיך עוואַקויִרט אין מיטל־אַזיע און לייגט פֿאָר מיטצואַרבעטן אינעם ייִדישן אַנטיפֿאַשיסטישן קאָמיטעט.

צוזאַמען מיטן פֿאַראַנטוואָרטלעכן סעקרעטאַר פֿונעם ייִדישן אַנטיפֿאַשיסטישן קאָמיטעט, עפּשטיין, האָב איך געענטפֿערט אויף דעם בריוו און געגעבן אים אַן אויפֿגעבונג אַרײַנצושיקן אונדז אַרטיקלען וועגן דער לאַגע פֿון די עוואַקויִרטע ייִדן.

יאַקיר האָט אויסגעפֿילט אונזער אויפֿגאַבע און פֿון דעם מאָמענט אָן האָט ער אָנגעהויבן מיטצואַרבעטן אינעם קאָמיטעט, צושיקנדיק פֿון צײַט־צו־צײַט זײַנע לידער און רעפּאָרטאַזשן, דערהויפּט, וועגן די בעסאַראַבער ייִדן, וואָס האָבן זיך עוואַקויִרט אין הינטערלאַנד און געאַרבעט אין פֿאַרשיידענע אינדוסטריע־אונטערנעמונגען און קאָלווירטן.

יאַקירס מאַטעריִאַלן פֿלעגן דורכקוקן עפּשטיין און זײַן פֿאַרטרעטער קוויטקאָ.

נאָך דעם האָט מען די מאַטעריִאַלן צעשיקט אין די אויסלענדישע ייִדישע אויסגאַבעס, דערהויפּט קיין אַמעריקע.

פֿראַגע: איר האָט געגעבן יאַקירס אַדרעס די אַמעריקאַנער ייִדישע אָרגאַניזאַציעס און פֿאַרלאַגן?

ענטפֿער: ניין, יאַקירס אַדרעס האָבן מיר קיין אַמעריקע נישט איבערגעגעבן, ווײַל קיינער האָט נישט געבעטן. כ'מיין, אַז יאַקיר איז באַוווּסט געווען צווישן די אַמעריקאַנער ייִדישע אָרגאַניזאַציעס, ווי אויך צווישן די אַמעריקאַנער ייִדישע שרײַבערס, און געהאַט מיט זיי פֿאַרבינדונגען נאָך בעתן ווױנען אין רומעניע. ווי פֿיל אַנדערע רומענישע שרײַבערס.

פֿראַגע: נאָכן אומקערן זיך פֿון דער עוואַקואַציע האָט יאַקיר פֿאָרגעזעצט זײַן אַרבעט אינעם ייִדישן אַנטיפֿאַשיסטישן קאָמיטעט? ענטפֿער: יאָ. נאָכן אומקערן זיך קיין קעשענעוו האָט יאַקיר, לויט אונדזער אויפֿגעבונג, אָנגעשריבן אַ ריי אַרטיקלען וועגן די ייִדן־אָנטיילנעמער אין דער פּאַרטיזאַנישער באַוועגונג פֿון מאָלדאַוויע פֿאַרן בוך "פּאַרטיזאַנישע פֿרײַנטשאַפֿט".

פֿראַגע: ווי ס'איז באַוווּסט, איז דאָס בוך "פּאַרטיזאַנישע פֿרײַנטשאַפֿט" געווען לויטן פֿאַרטראַכט אַ נאַציאָנאַליסטיש בוך. צי דען האָבן יאַקירס פֿאַרצייכענונגען געשטימט מיט די צילן, וועלכע איר האָט אין זינען געהאַט בעתן שאַפֿן דאָס בוך?

ענטפֿער: יאָ. יאַקירס אַרטיקלען וועגן ייִדן־פּאַרטיזאַנער פֿון מאָלדאַוויע האָבן פֿולקאָם אַנטשפּרעכט דער פֿײַנטלעכער נאַציאָנאַליסטישער ליניע, וועלכע ס'האָט דורכגעפֿירט די פֿירערשאַפֿט פֿונעם ייִדישן אַנטיפֿאַשיסטישן קאָמיטעט. מיר האָבן אין אונדזערע בריוו אָריענטירט יאַקירן וועגן דעם כאַראַקטער פֿון די מאַטעריאַלן, וואָס מיר דאַרפֿן האָבן און ער האָט אונדז גוט פֿאַרשטאַנען.

אין זײַנע אַרטיקלען וועגן די פּאַרטיזאַנער זענען די ייִדן געווען אַרויסגערוקט אויפֿן ערשטן פּלאַן, דעריבער האָט זיך געשאַפֿן אַ פֿאַלשער אײַנדרוק, אַז אין דער פּאַרטיזאַנישער באַוועגונג פֿון מאָלדאַוויע באַטייליקן זיך דערהויפּט ייִדן.

אַזאַ נאַציאָנאַליסטישער צוגאַנג צו דער פּאַרטיזאַנישער טעמע איז פֿאַר אונדז געווען ווי געוווּנטשן און זענען אײַנגעשלאָסן געוואָרן אין דעם אויבן דערמאָנטן בוך "פּאַרטיזאַנישע פֿרײַנטשאַפֿט" (...)

פֿון די בריוו, וואָס יאַקיר פֿלעגט מיר שיקן, איז קלאָר געווען, אַז ער איז שטאַרק נישט צופֿרידן, וואָס אין מאָלדאַוויע איז ניטאָ קיין מעגלעכקייט צו אַנטוויקלען דאָרט די ייִדישע קולטור.

אַזוי, אַ שטייגער, אין 1947 האָט יאַקיר, אײַנלאַדנדיק מיך קיין קעשענעוו אויף אַ ייִדישן ליטעראַרישן אָוונט, געקלאָגט זיך, אַז ער האָט זיך כּלומרשט מיט גרויסע שוועריקייטן דערשלאָגן אַ דערלויבעניש דעם דאָזיקן אָוונט אָרגאַניזירן.

פֿראַגע: וואָס נאָך קענט איר באַווײַזן וועגן יאַקירן?

ענטפֿער: וועגן יאַקירן איז מיר מער גאָרנישט ניט באַוווּסט.

דעם פֿאַרהער האָט דורכגעפֿירט דער עלטערער אויספֿאָרשער פֿון מ.ג.ב., מאַיאָר קוזמין.

לייענענדיק די פּראָטאָקאָלן פֿון די פֿאַרהערן, האָב איך באַמערקט, אַז אייניקע שורות און צומאָל גאַנצע אָפּזאַצן זענען אונטערגעשטראָכן מיט אַ רויטן בלײַער. פֿאַרוואָס האָבן גראָד די באַוויַזן אַזוי צוגעצויגן די אויפֿמערקזאַמקייט פֿונעם אויספֿאָרשער? מעגלעך, ווײַל זיי דעמאַסקירן "די פֿאַרברעכערישע טעטיקייט" פֿון די אַרעסטירטע.

די רעטעניש האָב איך אָבער אינגיכן באַשיידט: ס'איז געווען גענוג צו פֿאַרגלײַכן אייניקע באַוויַזן פֿון פֿאַרשיידענע אַרעסטירטע שרײַבערס, ווי ס'האָט זיך באַלד אַנטפּלעקט, אַז זיי זענען פֿאַלסיפֿיצירט. אין דעם פּראָטאָקאָל פֿון פּעפֿערס פֿאַרהער, וואָס כ'האָב ערשט פֿירגעבראַכט, וואַרפֿט זיך עס באַלד אין די אויגן, אָן קיין ספּעציִעלער עקספּערטיזע; אַשטייגער, די אַלע באַוויַזן זײַנע, ווו עס גייט אַ רייד וועגן און אַרום דעם בוך "פּאַרטיזאַנישע פּרײַנטשאַפֿט", זענען אַבסאָלוט אידענטיש מיט די באַוויַזן, וואָס ס'האָט געגעבן וועגן דעם זעלבן בוך יאַנקל יאַקיר. זיי פֿאַלן זיך צונויף אות באות. ווי קען אַזוינס זײַן? יאַקיר האָט געגעבן זײַנע באַוויַזן וועגן דעם אין פֿעברואַר אין קעשענעוו, פּעפֿער — אין מאַי און אין מאָסקווע. און אַזעלכע קונצן טרעפֿן זיך אין דעם "ענין" אויף שריט און טריט. ווער רעדט שוין די ספּעציפֿישע ווערטער און אויסדרוקן, וואָס פֿאַרוואַנדלען זיך אין אַ באַזונדער־קרימענעלן נוסח. נישט בײַ איציק פֿעפֿערן, נישט בײַ יאַקירן, בײַ קײַנעם נישט פֿון די אַרעסטירטע שרײַבערס וואָלט די צונג זיך נישט אויסגעדרייט צו זאָגן, למשל, "אויספֿילן אונדזער אויפֿגעבונג", "אָריענטירן וועגן דעם כאַראַקטער", "אַנטשפּרעכט דער פֿײַנטלעכער נאַציִאָנאַליסטישער ליניע", אָדער שוין גאָר אַ סודותפֿולער זאָג: "ער האָט אונדז גוט פֿאַרשטאַנען".

אין איינעם אַ שמועס מיט מײַן באַקאַנטן דוד אַווערבוך, וואָס איז צו עטלעכע און צוואַנציק יאָר פֿאַרמשפּט געווען אין יענע צײַטן, צום טויט (נאָכן איבערקוקן זײַן ענין, איז דער טויט־אורטייל פֿאַרביטן געוואָרן אויף צען יאָר צוואַנגס־לאַגער). אָט דער אַווערבוך טאַקע האָט מיר אויפֿגעקלערט די זאַך: אָפֿט מאָל האָבן די אויספֿאָרשערס, נאָך איידער זיי פֿלעגן דורכפֿירן דעם פֿאַרהער, אַליין צונויפֿגעשטעלט אַלע פּראָטאָקאָלן אַזוי ווי ס'האָט זיי געלוינט. דאָס הייסט, אַליין געשטעלט די פֿראַגעס און אַליין אויף זיי געענטפֿערט. אויסגעמאַטערט פֿון די פֿאַרהערן, וואָס פֿלעגן זיך ציִען צומאָל עטלעכע מעת־לעת נאָכאַנאַנד, האָבן די מענטשן שוין גערן געווען אונטערשרײַבן, דאַכט זיך, אַלץ, וואָס די אויספֿאָרשער האָבן זיי אונטערגערוקט. פֿאַרבינדן זיך דערנאָך איינער מיטן אַנדערן און איבערגעבן די אויספֿאַבריקירטע באַוויַזן, איז שוין גאָר אַ פּשוטע אַרבעט.

די ק.ג.ב. האָט געדאַרפֿט האָבן נישט ווייניקער ווי אַ "ברייטע פֿאַרברעכערישע

נעץ", כּדי וויַיזן דעם סאָוועטישן פֿאָלק און דער וועלט, וואָס פֿאַראַ שטיינער עס טראָגן די ייִדן אין זייערע בוזעמעס.

5

אין רוסיש איז דאָ אַזאַ ווערטל: "ס'איז נישט געווען קיין מזל, האָט צוגעשפּילט דער שלימזל". צווישן די פּראָטאָקאָלן פֿון די פֿאַרהערן, אַקוראַט פֿאַרשריבן, אָן שום אויספֿאַרריכטונג, גליַיך ווי דער אויספֿאָרשער וואָלט זיך פֿאַרנעמען מיט קאַליגראַפֿיע, און אין דער זעלבער צײַט זענען זיי פֿול מיט שמוץ און ליגן, אין אָט די פּראָטאָקאָלן טרעפֿן זיך זאַכן, וואָס דערשינען מיט זייער מענטשלעכער אוממיטלבאַרקייט און רירן ביז צום האַרצן. פֿאַרשטייט זיך, אַז די אויספֿאָרשערס האָבן געזוען אין זיי נאָר דאָס, וואָס זיי האָבן געוואָלט זען און אויסגעטײַטשט אַלץ לויט זייער פֿאַרשטאַנד.

אין אויגוסט, פֿיר און פֿערציק, האָט יאַקיר זיך אומגעקערט פֿון דער עוואַקואַציע אַהיים. געפֿאָרן איז ער קיין קעשענעוו דורך קיִעוו און אויפֿן וועג האָט מען אים באַגנבֿעט. דער איינציקער מענטש אין קיִעוו, מיט וועלכן ער איז געווען באַקאַנט, ריכטיקער, ניט אַזוי מיט אים, ווי מיט זײַנע ווערק, איז געווען דער פּראָפֿעסאָר עליע ספּיוואַק. יאַקיר האָט אים אָפּגעזוכט און געבעטן מיט עפּעס העלפֿן. ספּיוואַק האָט אים דערלויבט איבערצונעכטיקן בײַ זיך אין דער היים, אָבער נאָך אַ מאַטעריעלער שטיצע געשיקט צום פֿאָרזיצער פֿונעם אוקראַיִנישן שרײַבער־פֿאַראיין, דעם שרײַבער סאָסיוראַ. אויפֿמערקזאַם אויסגעהערט יאַקירן, האָט סאָסיוראַ געהייסן אים צוגיין צום פֿאָרזיצער פֿון דער ייִדישער סעקציע בײַם שרײַבער־פֿאַראיין, דוד האָפֿשטיינען...

ווײַטער ברענג איך וועגן דעם אַן אויסצוג פֿונעם פּראָטאָקאָל:

דער 24־ער פֿעברואַר, 1949.

דער פֿאַרהער האָט זיך אָנגעהויבן 16.00; פֿאַרענדיקט זיך — 23.30.

"...איך האָב זיך אָפּרעקאָמענדירט האָפֿשטיינען ווי אַ ייִדישער שרײַבער פֿון מאָלדאַוויע. דוד האָפֿשטיין האָט געזאָגט, אַז מײַן נאָמען איז נישט באַקאַנט. אַ קוק געטאָן אויף מײַן צעריסענעם קאָסטיום, האָט ער מיך געפֿרעגט, פֿאַרוואָס בין איך אַזוי אָנגעטאָן. האָב איך דערקלערט האָפֿשטיינען, אַז אין וועג האָט מען מיך באַגנבֿעט, צוגענומען דעם טשעמאָדאַן מיט אַלע מײַנע זאַכן. דערנאָך האָט ער געפֿרעגט, צי כ'האָב עפּעס מיט זיך פֿון מײַנע ווערק. כּדי נישט פֿאַרהאַלטן אים, האָב איך פֿאָרגעלייענט די ליד מײַנע "מזרח־מאָטיוון", וווּ כ'האָב קריטיקירט די מוסולמענער־טעמפּלען און די ייִדישע סינאַגאָגעס. אויסהערנדיק מיך, האָט האָפֿשטיין געזאָגט: "וואָס זידלט איר אַזוי די סינאַגאָגעס און די טעמפּלען, זיי

פֿאַרשטעלן אײַך דעם וועג צו דער זון? — און איראָניש צוגעגעבן: — אײַערע לידער פֿאַסטן צו אײַערע הויזן. ווען איר שרײַבט אַנדערע לידער, וואָלט איר געטראָגן אַנדערע הויזן".

כ'בין געבליבן שטיין אַ פֿאַרחידושטער. האָפּשטיין האָט עס באַמערקט און דערקלערט זײַנע ווערטער. ער האָט געזאָגט, אַז אַ דיכטער דאַרף גוט פּילן דעם פּולס פֿון דער צײַט. "אָט בין איך געווען אין 23־טן יאָר אין פּאַלעסטינע, — האָט געזאָגט האָפּשטיין, — און כ'האָב געפֿירט דאָרט אַ קאַמף מיט די ציוניסטן. איצט איז אָבער אַן אַנדער צײַט, איצט בין איך אי אַ קאָמוניסט, אי אַ ציוניסט און די צוויי פֿאַרשידענע איבערצייגונגען פֿאַרן זיך אין מיר אָרגאַניש צונויף". איך האָב דערווידערט האָפּשטיינען און געזאָגט אים, אַז אין פּאַלעסטינע פֿאַרפֿאָלגט מען די קאָמוניסטן, אַז קאָמוניזם און ציוניזם האָבן צווישן זיך קיין שום פֿאַרבינדונג נישט. האָפּשטיין האָט מיך איבערגעשלאָגן און געפֿרעגט נאָך וואָס כ'בין צו אים געקומען. האָב איך אים געבעטן, ער זאָל מיר העלפֿן צו באַקומען אינעם ליטעראַרישן פֿאָנד 200 רובל, כּדי כ'זאָל קענען אַרויספֿאָרן קיין מאָלדאַוויע. כ'האָב אים צוגעזאָגט, אַז נאָכן קומען אַהיים, וועל איך דאָס געלט אומקערן. דערוויסנדיק זיך פֿון מיר, אַז בעת דער עוואַקואַציע האָב איך געאַרבעט ווי אַ לערער, האָט ער מיר געגעבן אַן עצה ווענדן זיך מיט מײַן ביטע אין נאַרקאָמאַט פֿאַר בילדונג. כ'האָב טאַקע אַזוי געטאָן און באַקומען דאָרט 150 רובל".

מער האָבן זיי זיך נישט געזען און קיינמאָל זיך נישט איבערגעשריבן. אין דעצעמבער 1948 איז דוד האָפּשטיין אַרעסטירט געוואָרן. יאַקיר האָט זיך וועגן דעם צופֿעליק דערוווּסט פֿון די אָדעסער אַרטיסטן, וואָס זענען געקומען קיין קעשענעוו מיט אַ קאָנצערט־פּראָגראַם.

און נאָך איין עפּיזאָד:

פֿעברואַר 1949. יעקבֿ שטערנבערג קומט צו פֿאָרן קיין קעשענעוו — דאָס לעצטע מאָל פֿאַר זײַן אַרעסט. ער איז אינגאַנצן דערשלאָגן: דעם ייִדישן אַנטיפֿאַשיסטישן קאָמיטעט אין מאָסקווע האָט מען צעטריבן, די צײַטונג "איינִיקייט" האָט מען פֿאַרמאַכט. עס אַרבעט אַ קאָמיסיע פֿון עטלעכע ייִדישע שרײַבערס, צווישן זיי אויך נאַטאָוויטש און בוימוואָל, וואָס פֿאַרנעמען זיך מיט איבערקוקן אַלע מאַטעריאַלן, — אַרויסגעלאָזטע ווערק פֿון פֿאַרלאַג "דער עמעס". עס גייען מאַסן־אַרעסטן צווישן די ייִדישע קולטור־טוּערס און אינטעליגענץ. זוסקינען האָט מען פֿאַרנומען גלײַך פֿונעם שפּיטאָל, ניט געקוקט אויף זײַן שווערן צושטאַנד.

אין קעשענעוו באַגעגנט ער זיך מיט זײַנע אַלטע פֿרײַנד סאַקציִערן און ריווקינען. פֿון זיי דערוויסט ער זיך, אַז יאַקירן האָט מען די טעג אַרעסטירט. זיי פֿאַרשטייען שוין גוט, אַז דאָס איז נאָר דער אָנהייב. איצט וועלן זיך די רעפּרעסיעס קעגן די ייִדישע קולטור־טוּערס פֿאַרשפּרייטן אויך אין די פּראָווינצן. ס'איז פֿאַר זיי

קלאָר, אַז דער ייִדישער אַנטיפֿאַשיסטישער קאָמיטעט איז ניט פּשוט פֿרידלעך פֿאַרמאַכט געוואָרן, ווײַל ער האָט פֿאַרענדיקט זײַן מיסיע. ניין, דערמיט האָט די קאָמוניסטישע רעגירונג געוואָלט צוגעבן דער אַקציע אַ פּאָליטישן כאַראַקטער. אין משך פֿון דער נאַכט, בעת דער קאָמיטעט איז ליקווידירט געוואָרן, האָט מען פֿון דאָרט אַרויסגעפֿירט אַלע דאָקומענטן. עס זענען דאָרט אויך איבערגעווען פֿיל וואַזשנע פּערזאָנען, מיטאַרבעטער פֿון מ.ג.ב. בראש מיטן שטעלפֿאַרטרעטער פֿון לאַוורענטי בעריאַ, דעם דעמאָלטיקן מיניסטער פֿון אינערלעכע ענינים.

"איצט קוקט מען אויף די ייִדן ווי אויף "אַ פֿינפֿטער קאָלאָנע", — האָט ביטער באַמערקט סאַקציִער. ער האָט ציטירט ערענבורגס ווערטער, וואָס יענער האָט געזאָגט בשעתן זײַן אין קעשענעוו: "אויב די ייִדן וועלן אויך ווײַטער דעמאָנסטרירן זייערע סימפּאַטיעס צום פֿאַקט פֿון אָנערקענען מדינת ישראל, וועט מען אויף דער גאַנצער ייִדישער באַפֿעלקערונג פֿון סאָוועטן־פֿאַרבאַנד קוקן, אויב ס'וועט אויסברעכן אַ נײַע מלחמה, ווי אויף פֿאַררעטערס פֿונעם היימלאַנד, ווי אויף די טאָטערן פֿון קרים".

פֿאַרן קומען קיין קעשענעוו, האָט שטערנבערג פֿאַרבראַכט עטלעכע וואָכן הינטער מאָסקווע, אין מאַלעיעווקאַ. דאָרט, אינעם הויז פֿאַר שרײַבערס איז געווען אינאיינעם מיט אים דער ייִדישער דיכטער שמואל האַלקין. דאָס פֿאָרגעפֿיל פֿון מאַסן־רעפּרעסיעס און דער טאָטאַלער פּחד האָט זיך געטראָגן אין דער לופֿט. די ניט ייִדישע שרײַבערס האָבן אָנגעהויבן זיי אויסצומײַדן, זיך געהאַלטן אין אַ זײַט, ווער רעדט שוין פֿון דערלאַנגען די האַנט. אין איינעם אַ טאָג, שפּאַצירנדיק אין וואַלד, האָבן זיי דערזען פֿון דער ווײַטנס אַ פּויער אויף אַ פֿערד רײַטנדיק. יעקבֿ שטערנבערג האָט אַ זאָג געטאָן: "אוי, ווי כ'בין איצטער מקנא אָט דעם מענטשן. ווען כ'קען זיך מיט אים בײַטן מיטן אָרט אין לעבן..." — "דו ביסט מקנא דעם מענטשן, — האָט אים געענטפֿערט האַלקין, — און איך בין מקנא זײַן פֿערד..."

אינטערעסאַנט, צי בײַם אויספֿאָרשער פֿון מ.ק.ב. מאַיאָר קאָראָווין, וואָס האָט פֿאַרשריבן די ווערטער אינעם פּראָטאָקאָל מיט זײַן קאַליגראַפֿישן כּתבֿ, האָט עפּעס אַ ציטער געטאָן אינעווייניק, דאָרט, וווּ בײַ יעדן מענטש געפֿינט זיך געוויינטלעך דאָס האַרץ?

6

אין 1944, נאָכן באַפֿרײַען רומעניע פֿון די נאַציס, האָט דער פֿאַר־אַנטוואָרטלעכער סעקרעטאַר פֿונעם ייִדישן אַנטיפֿאַשיסטישן קאָמיטעט ש. עפּשטיין געהאַט אַ לענגערן שמועס מיט אַלטמאַנען און שטערנבערגן. עפּשטיין האָט זיי גענוי אויסגעפֿרעגט וועגן זייער טעטיקייט אין בוקאַרעשט, געבעטן אָנרופֿן מענטשן צווישן די ייִדישע קולטור־טוערס אין רומעניע, אויף וועלכע מ'וואָלט געקענט זיך איצט אָנשפּאַרן, ווײַל דער ייִדישער אַנטיפֿאַשיסטישער קאָמיטעט איז

זייער פֿאַראיטערעסירט צו פֿאַרשפּרייטן די אַרבעט זײַנע אויך אין רומעניע, וואָס פֿאַרנעמט הײַנט דאָס צווייטע אָרט לויט דער ייִדישער באַפֿעלקערונג נאָך סאָוועטן־פֿאַרבאַנד. צום סוף פֿון דעם שמועס האָט עפּשטיין געפֿרעגט בײַ שטערנבערגן און אַלטמאַנען, צי זיי זענען מסכּים אַריבערצופֿאָרן קיין רומעניע און פֿירן דאָרט אַ קולטור־אַרבעט. שטערנבערג און אַלטמאַן האָבן געגעבן דערויף זייער הסכּמה און אָנגעשריבן, ווי ס'האָט זיי געראָטן עפּשטיין, אַ מעלדונג אויף ס. לאָזאָווסקיס נאָמען, וואָס איז דעמאָלט געווען פֿאַראַנטוואָרטלעך אויף פֿאַר דער טעטיקייט פֿונעם ייִדישן אַנטיפֿאַשיסטישן קאָמיטעט.

קיין ענטפֿער אויף זייער מעלדונג האָבן די שרײַבער נישט באַקומען. די לאַגע אָבער אין לאַנד, די באַציִונגען צו די ייִדן בכלל און צו דער ייִדישער קולטור בפֿרט, האָט זיי יעדעס מאָל אומגעקערט צו אָט דער פֿראַגע.

דאָס אַנטיסעמיטישע פֿײַערל, וואָס האָט אין משך פֿון אַלע נאָכאָקטאָבער־יאָרן געטליִעט אינעם טאָגטעגלעכן סאָוועטישן קיום, האָט בעת דער מלחמה זיך צעברענט און צעפֿלאַקערט אין אַ גוואַלדיקן שײַטער. די צבֿועקישע פּאָליטיק פֿון סטאַלינס רעגירונג, ווען פֿון איין זײַט האָט זי פּראָקלאַמירט "פֿרײַנטשאַפֿט פֿון אַלע פֿעלקער", צווישן די ערשטע אָנערקענט מדינת ישראל און פֿון דער אַנדער זײַט, אָדער אין דער זעלבער צײַט געשיקט און געדריקט יעדע נאַציאָנאַלע אַנטפּלעקונג, האָט נאָך דער מלחמה מיט אירע מעשׂים אונטערגעוואָרפֿן אין דעם אַנטיסעמיטישן שײַטער נײַע טרוקענע שײַטלעך האָלץ.

זומער 1945, האָט קיין קעשענעוו געדאַפֿט קומען מיט קאָנצערטן סידי טאַל. דער קאָמיטעט פֿאַר קונסט און קולטור פֿון מאָלדאַוויע האָט פֿאַרווערט דער ייִדי־שער אַקטריסע אַרויסטרעטן אין קעשענעוו און דערלויבט איר געבן אַזש פֿיר קאָנ־צערטן אין עטלעכע מאָלדאַווישע שטעט. גראָד דעמאָלט באַקומט שטערנבערג אַ טעלעגראַם פֿונעם ייִדישן אַנטיפֿאַשיסטישן קאָמיטעט, ווו איציק פֿעפֿער בעט אים מיטצוטיילן וועגן אַנטיסעמיטישע עקסצעסן אין מאָלדאַוויע, אויב זיי זענען, פֿאַרשטייט זיך, דאָ. שטערנבערג ענטפֿערט באַלד פֿעפֿערן און דערציילט אים וועגן דעם פֿאַקט מיט סידי טאַל... אויף דעם האָט זיך די געשיכטע פֿאַרענדיקט.

אין די 60־קער יאָרן האָט מיכאָעלסעס שילער, ר. לעווין צוזאַמען מיט מ. סאַקציִערן געשאַפֿן אין קעשענעוו אַ ייִדישן פֿאָלקס־טעאַטער. האָט זיך ווידער אָנגעהויבן — די היגע טוערס פֿאַר קולטור האָבן אײַנגעלייגט וועלטן, געטאָן אַלץ, אַז דער טעאַטער זאָל זיך צעפֿאַלן. זיי האָבן אַפֿילו פֿאַרבאָטן שרײַבן אויף די אַפֿישן פֿון די ספּעקטאַקלען מיט ייִדישע אותיות. דער טעאַטער האָט אָבער געלעבט, נישט געקוקט אויף אַלע שטערונגען און רדיפֿות, געלעבט צען יאָר, ביז מ'האָט אים סוף־כּל־סוף ליקווידירט. אָבער פֿריִער איז בײַ סודותפֿולע אומשטאַנדן אומגעקומען אין אַן אויטאָקאַטאַסטראָפֿע דער רעזשיסער פֿונעם טעאַטער ראובֿן לעווין.

גיי זאָג דערנאָך, אַז די געשיכטע חזרט זיך נישט איבער.

צו די דרײַסיק יאָר פֿון שלום־עליכמס טויט האָט די ייִדישע סעקציע בײַם מאָלדאַווישן שרײַבער־פֿאַראיין אײַנגעאָרדנט אַ ליטעראַרישן אָוונט. אויף דעם אָוונט האָט מיט אַ רעפֿעראַט וועגן שלום־עליכמס לעבן און שאַפֿן געדאַרפֿט אַרויסטרעטן יעקבֿ שטערנבערג. פּלוצעם, ערבֿ דער דאַטע, דערוויסט ער זיך, אַז דעם רעפֿעראַט זײַנעם מוז ער לייענען נישט אין ייִדיש, נאָר אין רוסיש. די ייִדישע שרײַבערס זענען אויפֿגעבראַכט. שטערנבערג פּרוּווט איבערצײַגן די אָנפֿירער פֿונעם שרײַבער־פֿאַראיין, אַז קודם־כּל אידייִיש איז די פֿאָדערונג נישט קיין ריכטיקע: ס'איז דאָך באַוווּסט, אַז די סאָוועטישע ליטעראַטור און קונסט דאַרף זײַן "סאָציִאַליסטיש לויט דער פֿאָרם און נאַציִאָנאַל לויט דעם אינהאַלט". נאַציִאָנאַל, הייסט ייִדיש! דערצו קען ער, שטערנבערג, נאָך אַזוי גוט קיין רוסיש נישט, כּדי ער זאָל דעם רעפֿעראַט זײַנעם האַלטן אין רוסיש.

ס'האָבן נישט געהאָלפֿן קיין שום רייד. די קעשענעווער ייִדן, וואָס זענען געקומען אויף דעם אָוונט, האָבן זיך געמוזט באַגיין אָן שטערנבערגס רעפֿעראַט.

בשעת זייערע באַגעגענישן — כּמעט יעדן זונטיק, פֿלעגן די קעשענעווער שרײַבערס זיך צונויפֿנעמען בײַ עמעצן אין דער היים, — בײַ יאַקירן, אָדער בײַ ריווקינען, אָדער בײַ זייערע פֿרײַנט, ליבהאָבער פֿון ליטעראַטור — וואָראָנע, גלינבערג, יוסף בערקאָוויטש, — הערן זיך אַלץ אָפֿטער רייד נישט נאָר אויף ליטעראַרישע טעמעס. ווי אַזוי לעבן ווײַטער?... אַלע זייערע האָפֿענונגען, וואָס יעדער פֿון זיי האָט געבראַכט מיט זיך אַהער, אַהיים אין פֿערציקסטן יאָר, זענען אַרײַנגעטריבן געוואָרן אין אַ טויבן ווינקל פֿון צוואַנג־אַסימיליאַציע און רוסיפֿיקאַציע. אין אַזעלכע באַדינגונגען קען זיך דאָך ווײַטער נישט אַנטוויקלען די ייִדישע קולטור. עס קומען שווערע צײַטן פֿאַר די ייִדן, באַזונדערס — פֿאַר די שרײַבערס — זיי הערן אויף צו זײַן שרײַבערס אויף ייִדיש.

אפשר אַ פּרוּוו טאָן זיך אַרויסרײַסן קיין רומעניע? אָדער נאָך ווײַטער...

טריבע ספֿקות, אומרו און פּחד האָבן איבערפֿילט יעדן פֿון זיי און פֿאַרסמט זיי דאָס לעבן אויף צענדליקער יאָרן. טראַגיש און איינזאַם איז אַוועקגעגאַנגען פֿון דעם לעבן יעקבֿ שטערנבערג. מען דערציילט, אַז דאָס איז געשען אין דעם זעלבן טאָג, ווען ער האָט באַקומען די דערלויבעניש אַרויסצופֿאָרן קיין ישׂראל.

דאָס שמאָלע בריקל, וואָס ס'האָט זיך אײַנגעגעבן אַריבערצוּוואַרפֿן דעם ייִדישן אַנטיפֿאַשיסטישן קאָמיטעט צו דער ייִדישער וועלט, איז אין 1948 אײַנגעפֿאַלן — "גשר צר מאד..."

און דאָך, אַפֿילו אין די געציילטע יאָרן האָבן די ייִדישע שרײַבערס פֿון סאָוועטן־פֿאַרבאַנד געהאַט אַ מעגלעכקייט זיך דורכשפּאַצירן אויף דער ייִדישער גאַס מיט זייערע ווערק, אײַנשטעלן שריפֿטלעכע קאָנטאַקטן מיט די ייִדישע

אָרגאַניזאַציעס און שרײַבערס, וואָס איז פֿאַר זיי זייער וויכטיק געווען אי מאָראַליש אי מאַטעריעל, באַזונדערס נאָך אַזאַ שׂריפֿה און חורבן.

אין די פּראָטאָקאָלן פֿון די פֿאַרהערן ווערן דערמאָנט אַ סך נעמען פֿון די ייִדישע אַמעריקאַנער קולטור־טוּערס. צווישן זיי אויך מייזיל, שיפּריס, כּײַקין, ביקל, זעלצער... אין דעם "באַשולדיקונגס־אַקט" דעפֿינירן זיך די דאָזיקע קאָנטאַקטן מיט זיי ווי "פּראָאַמעריקאַנער אָנשוויונגען". אַלס דערוויַיז־זאַכן ווערט דאָרט פֿאָר־געשטעלט די ליטעראַטור, וואָס די ייִדישע שרײַבערס פֿלעגן באַקומען פֿון זייערע אַמעריקאַנער פֿען־ברידער.

נאָך דעם נאַצי־פֿײַער, וואָס האָט געלאָזט אַש פֿון דער ריזיקער אייראָפּעיִשער ייִדיש־קולטור, זענען די ייִדישע שרײַבערס זשעדנע געווען צו יעדן ייִדישן ביכל, זשורנאַל, צײַטונג, און די איינציקע זאַך, וואָס זיי האָבן געבעטן בײַ די פֿרײַנט פֿון אַמעריקע, איז אַרויסשיקן ייִדישע ליטעראַטור...

און ווידער נאָך צענדליקער יאָרן פֿון גײַסטיקן מאָרד פֿון זײַן אָפּגעריסן און אָפּגעזונדערט פֿון דער ייִדישער וועלט, האָבן די ייִדישע שרײַבערס פֿונעם געוועזענעם סאָוועט־פֿאַרבאַנד באַקומען באַלד נאָך דער "גלאַסנאָסט" פּעקלעך מיט ייִדישע ביכער, זשורנאַלן, צײַטונגען פֿון אַמעריקע, ישׂראל און אַנדערע לענדער.

יאָ, די פֿאַשיסטן, ווי נאָר זיי זענען געקומען צו דער מאַכט, האָבן אָנגעהויבן צו פֿאַרברענען ביכער פֿון פּראָגרעסיווע שרײַבערס. די סטאַליניסטן, בעת ס'האָבן זיך אָנגעהויבן די רעפּרעסיעס אויף די ייִדישע קולטור־טוּערס, זענען באַגאַנגען נאָך אַ גרעסערן פֿאַרברעכן: זיי האָבן געצוווּנגען די ייִדישע שרײַבערס טאָן דאָס אַליין, מיט די אייגענע הענט.

איינער אַ מאָסקווער ייִדישער שרײַבער האָט מיר דערציילט, ווי ער, דעמלט נאָך אַ יונגער דיכטער, איז געזעסן באַנאַכט בײַ דער הרובע איניינעם מיט זײַן פֿרוי און אַ בלעטל נאָך אַ בלעטל פֿאַרברענט דעם גאַנצן כּתבֿ־יד פֿון זײַן ערשטן בוך, וועלכער האָט אינגיכן געדאַרפֿט דערשינען. איבערגעלייענט זײַן ליד אויף אַ קול, האָט ער אַרײַנגעוואָרפֿן דאָס זײַטל אין פֿײַער אַרײַן.

7

מעגלעך, אַז די סאַמע טראַגישע פֿיגור אינעם "ענין נומער 5390" איז געווען גײַסינער־ריווקין. די טראַגישסטע און די מוטיקסטע. זאָגן אַזוי גיט מיר דאָס רעכט אי זײַן טויט, אי זײַן האַלטן זיך אויף די פֿאַרהערן.

עס ליגט פֿאַר מיר די אַנקעטע, וואָס דער אויספֿאָרשער האָט פֿאַרפֿילט באַלד אויפֿן ערשטן פֿאַרהער, דעם 9־טן מאַרץ 1949:

"געבוירן אין 1908 אינעם שטעטל קאַפּרעשט. דער פֿאָטער — לייזער גײַסינער, איז געווען איינער פֿון די אַקטיוויסטן אין דער ציוניסטישער

אָרגאַניזאַציע פֿונעם שטעטל קאַפּרעשט. די מוטער — רבֿקה גײַסינער, האָט געהאַלטן אינעם שטעטל אַ שוך־קלייטל.

פֿון 1928 ביז 1931 האָט הערץ גײַסינער זיך געלערנט אין דער קעשענעווער בוי־שול.

פֿון 1931 ביז 1932 — געדינט אין דער רומענישער אַרמיי ווי אַ סאָלדאַט.

פֿון 1932 ביז 1935 — געלעבט און געאַרבעט ווי אַ בוי־טעכניקער אין בעלץ.

פֿון 1935 ביז 1940 — געלערנט אין בוקאַרעשט און געאַרבעט דאָרט ווי אַ בוי־טעכניקער אין דער געזעלשאַפֿט פֿאַר בירגער־בויונג.

אין 1940 — זיך אומגעקערט קיין קעשענעוו, וווּ ער האָט געאַרבעט ווי אַ בוי־טעכניקער אינעם טרעסט פֿאַר גאָרקיכן און רעסטאָראַנען.

אין 1941 עוואַקויִרט זיך מיטן ווײַב — מאַלאַמוד עטליא שולימאָוונאַ, קיין אוזבעקיסטאַן. אין מערץ 1946 זיך אומגעקערט קיין קעשענעוו.

די ערשטע לידער זײַנע האָט גײַסינער אָפּגעדרוקט אין דער ציוניסטישער צײַטונג "אונזער צײַט" אין 28־סטן יאָר. פֿונעם 31־סטן יאָר געדרוקט זיך אין פֿאַרשידענע ייִדישע אויסגאַבעס: "אָנזאָג", "טשערנאָוויצער בלעטער", "די וואָך" און "שויבן".

אין 37־סטן יאָר אָנגעשריבן דאָס "טראָצקיסטישע" ליד "עלעגיע", וואָס איז אַריין אין זײַן ביכל "פֿון שכנישן דאָרף", דערשינען אין בוקאַרעשט אין 1938."

אויב זיך האַלטן ווײַטער בײַ דעם קאַזיאָנעם סטיל, וואָלט מען געדאַרפֿט צוגעבן: "אַרעסטירט דעם 9־טן מערץ 1949, פֿאַרמשפּט געוואָרן צו 10 יאָר לאַגערן. געשטאָרבן דעם 14 נאָוועמבער 1951."

לאָזט זיך אויס, אַז אַ מענטשלעך לעבן קען פֿאַרנעמען ווינציקער פֿון איין זײַטל. אַלץ איז, אַפֿנים, אָפּהענגיק מיט וואָס פֿאַר אַן אויג אויף דעם לעבן אַ קוק צו טאָן.

הערץ גײַסינער־ריווקין איז געווען דער איינציקער פֿון די אַרעסטירטע בעסאַראַבער שרײַבער וועמען מ'האָט באַשולדיקט אין באַגיין אַ קאָנקרעטן "פֿאַרברעך".

— ער האָט געוואַגט אַרויסצוזאָגן אָפֿן זײַנע געדאַנקען און געפֿילן, געוואַגט זיך קווענקלען אַפֿילו אויף אַ רגע אין דער גערעכטיקייט פֿון דעם "פֿירער".

"איר אָנערקענט אײַער שולד קעגן דעם סאָוועטישן פֿאָלק, קעגן דער פֿירערשאַפֿט פֿון דער פּאַרטיי און דער סאָוועטישער רעגירונג?" — האָט זיך אויף יעדן פֿאַרהער געהערט איינע און די זעלבע פֿראַגע.

— ניין. כ'אָנערקען עס נישט!

— וואָס פֿאַר אַ נאַציאָנאַליסטישע און אַנטיסאָוועטישע אַגיטאַציע פֿלעגט איר פֿירן צווישן אײַערע אַרומיקע?

— קיין שום נאַציאָנאַליסטישע און אַנטיסאָוועטישע אַגיטאַציע האָב איך צווישן מײַנע פֿרײַנט און באַקאַנטע נישט געפֿירט..."

פֿונעם ערשט ביזן לעצטן פֿאַרהער, נישט געקוקט אויף דעם פֿײַניקן אים סײַ פֿיזיש, סײַ מאָראַליש, האָט ער אויף קיינעם קיין קרום וואָרט נישט געזאָגט.

אין משך פֿון 46־47־סטן יאָר איז גײַסינער עטלעכע מאָל געווען אין מאָסקווע, ווו שטערנבערג באַקענט אים מיט די מאָסקוער ייִדישע שרײַבערס. ער טרעפֿט זיך דאָרט מיט בערגעלסאָנען, מאַרקישן, פֿעפֿערן, האַלקינען, דאָברושינען, קוויטקאָ, קושניראָוון, דער נסתּר — מיט די ריזן פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור.

צי האָט דען געקענט פֿאַרשטיין דער אויספֿאָרשער די געפֿילן פֿון אַ שרײַבער, וואָס האָט נאָך פֿינף יאָר האָרעוואַניע טאָג ווי נאַכט אויף אַ בויונג, אינגאַנצן אָפּגעריסן פֿונעם שרײַב־טיש, פֿון דער שרײַבער־סבֿיבֿה, דאָס ערשטע מאָל דערזען פֿאַר זיך די מענטשן, וועלכע ער האָט געהאַלטן פֿאַר זײַנע לערערס. ער האָט אַפֿילו נישט געוואַגט גיין צו זיי אַליין און געבעטן יעדעס מאָל שטערנבערגן, ער זאָל אים באַגלייטן צו זיי.

דעם אויספֿאָרשער האָבן די שרײַבער־עמאָציעס ווינציק וואָס אינטערעסירט, ער האָט געזוכט אין אַלעמען נאָר "פֿאַרברעכערישע פֿאַרבינדונגען".

דעם 29־סטן מאַרץ 1949, איז אין מאָסקווע דורכגעפֿירט געוואָרן אַ פֿאַרהער מיט דוד בערגעלסאָנען, ווו ס'איז געגאַנגען אַ רייד וועגן גײַסינער־ריווקינען:

"פֿראַגע: דעם ייִדישן שרײַבער גײַסינער־ריווקין קענט איר?

ענטפֿער: יאָ, כ'בין באַקאַנט מיט גײַסינער־ריווקין.

פֿראַגע: ווען און בײַ וועלכע אומשטענדן האָט איר זיך מיט אים באַגעגנט?

ענטפֿער: בערך זומער 1947 האָט די קאָלעגיע פֿון דער צײַטונג "אייניקייט" געמאָלדן אַ קאָנקורס אויף אַ בעסטער דערציילונג. איך בין געווען אין דער זשורי פֿון אָט דעם קאָנקורס. אין דעם זעלבן יאָר האָט די צײַטונג באַקומען פֿון די שרײַבערס פֿיל דערציילונגען, וועלכע די זשורי האָט פֿאַנאַנדערגעקוקט. צווישן די דערציילונגען, וואָס מ'האָט פּרעמירט איז אויך געווען ריווקינס דערציילונג. דעם נאָמען פֿון דער דערציילונג געדענק איך נישט ('דער פֿאָטער און דער זון' — ב.ס.).

אינגיכן נאָך דעם, ווי ריווקין האָט באַקומען די צווייטע פּרעמיע, האָב איך אים אײַנגעלאַדן צו זיך אַהיים, ווו ער האָט געלייענט זײַנע זאַכן.

פֿונעם שמועס מיט אים האָב איך זיך דערוווּסט, אַז איצט לעבט ער אין קעשענעוו און אַז אַ בירגער פֿון סאָוועטן־פֿאַרבאַנד איז ער בלויז פֿונעם פֿער־ציקסטן יאָר.

פֿראַגע: וועגן וואָס נאָך האָט איר געשמועסט מיט ריווקינען?

ענטפער: מיר האָבן גערעדט נאָר אויף ליטעראַרישע טעמעס...

פראַגע: שוין זשע נאָר אויף ליטעראַרישע?

ענטפער: ריווקינען האָב איך ווינציק געקענט, דעריבער האָב איך זיך אָפּגעהאַלטן צו פירן מיט אים אָפענע שמועסן. אין 47־סטן יאָר איז ריווקין געווען אין מאָסקווע נאָך אַ פּאָר מאָל, און איך האָב זיך געזען מיט אים אין דער ייִדישער סעקציע בײַם שרײַבער־פאַראיין. דאָס זענען געווען קורצע באַגעגענישן און קיין אינהאַלטלעכע שמועסן זענען צווישן אונדז נישט געווען.

פראַגע: וואָס פאַר אַ פאַרבינדונגען האָט ריווקין געהאַט אינעם ייִדישן אַנטיפאַשיסטישן קאָמיטעט?

ענטפער: ער איז באַקאַנט געווען מיט פעפערן און אויף וויפל כ׳דערמאָן זיך, פלעגט ער צושיקן פון קעשענעוו זײַן קאָרעספּאָנדענץ, וועלכע דער קאָמיטעט האָט איבערגעשיקט קיין אויסלאַנד, אַרײַנגערעכנט פ.ש.א. פעפער פלעגט זיך אָפּרופן וועגן ריווקינען, ווי וועגן אַ יונגן טאַלאַנטירטן ייִדישן שרײַבער.

פראַגע: איר האָט זיך איבערגעשריבן מיט ריווקינען?

ענטפער: מעגלעך, אַז ריווקין האָט מיר געשריבן, איך אָבער האָב אים קיין מאָל נישט געענטפערט.

אויספאָרשער פון מ.ג.ב. פאַר פ.ס.ס.ר. — פּאָלקאָווניק סאָראָקין

פונעם ״ענין נומער 2124״.

הײַנט איז אַוודאי שווער אויסצוקלאָרן, צי דער גרויסער בערגעלסאָן האָט טאַקע אויף אַן אמתן נישט געענטפערט אויף ריווקינס בריוו. כ׳דערלאָז דאָ אַן אַנדערע זאַך: בערגעלסאָן, פאַרשטייענדיק שוין גוט אין וואָס פאַר אַ לאַגע ער געפינט זיך און ווי אַזוי עס קען זײַן ״איבערשרײַבן זיך״ מיט ריווקינען אויסדרייען זיך קעגן ריווקענען, האָט מיט אַזאַ ענטפער געוואָלט אויסהיטן אים פון די, אַזוי גערופענע, ״פאַרברעכערישע פאַרבינדונגען״. פונקט ווי ער האָט זיך כלומרשט ״אָפּגעהאַלטן פירן מיט אים אָפענע שמועסן״. פונקט ווי ער האָט נישט פאַרגעסן צוגעבן, אַז ״פעפער האָט זיך אָפּגערופן וועגן ריווקינען ווי וועגן אַ יונגן טאַלאַנטירטן ייִדישן שרײַבער״.

ווער ווייסט, אפשר האָט אַ מינדסט ביסל האָפענונג געצאַפּלט אין זײַן האַרץ, אַז די יונגע און טאַלאַנטירטע וועט מען נישט טשעפען?

אין 47־סטן יאָר האָט ריווקין געבראַכט פון מאָסקווע אַ רעקאָמענדאַציע, כדי אָנצוקומען אינעם מאָלדאַווישן שרײַבער־פאַראיין. די רעקאָמענדאַציע האָבן אונטערגעשריבן: בערגעלסאָן, מאַרקיש, פעפער, קוויטקאָ, האַלקין, דאָברושין, שטערנבערג. דאָס איז געווען שוין דער דריטער פּרוּוו, און דעם דריטן מאָל האָט מען אים אויף זײַן ביטע אָפּגעזאָגט. זײַן ״זינד״, זײַן ״עלעגיע״ איז אים נאָכ־געגאַנגען, ווי אַ בייזער שאָטן.

אַוודאי קען מען הײַנט זאָגן און שרײַבן, אַז זײַן דיכטערישער זאָג: "ווער ביסטו, ווער — פֿירער, צו פֿאַרפֿירער?" — איז געווען אַ זאָג פֿון אַ נבֿיא. אָבער אין קיין שום צײַטן האָט דער המון זיך נישט צוגעהערט צו די נבֿיאים. שוין אָפּגערעדט וועגן צוהערן זיך צו דיכטערס. גרינגער איז תּמיד זיך אויסלאַכן פֿון זיי, אָדער פֿאַרוואַרפֿן מיט שטיינער.

יאָ, הערץ ריווקין איז געווען יונג, שיין און טאַלאַנטפֿול. זײַן ליד "פֿון שכנישן דאָרף" האָבן געזונגען די בעסאַראַבער ייִדן, ניט־וויסנדיק אַפֿילו, ווער ס'האָט עס פֿאַרפֿאַסט, ווי מ'האָט געזונגען איציק מאַנגערן און זעליק באַרדיטשעווערן.

נאָכטיקע לידער פֿון שכנישן דאָרף
פֿאַרבלאָנדזען אַמאָל צו מײַן גאַניק,
זיי לעשן מײַן טרויער, זיי גלעטן מײַן אומעט
און פֿליסן ווי זאַפֿטיקער האָניק...

8

משה אַלטמאַן, פֿאַרשיקט אויף 10 יאָר אין טײַשעט־לאַגער, האָט אָנגעשריבן אין יולי 1953 אַ מעלדונג צום גענעראַל־פּראָקוראָר פֿון סאָוועטן־פֿאַרבאַנד.

"...זײַענדיק שווער קראַנק און פֿילנדיק די נאָענטקייט פֿון טויט, האָב איך באַשטימט זיך ווענדן צו דער העכסטער מאַכט מיט אַ מעלדונג וועגן רעהאַביליטירן מײַן ערלעכן נאָמען..."

דאָס איז ניט פּשוט אַ מעלדונג פֿון אַן אומשולדיק פֿאַראורטיילטן מענטשן, נאָר אַ דאָקומענט פֿון דער צײַט, וועלכן ס'האָט אָנגעשריבן אַ שרײַבער.

אַלטמאַן בעט נישט קיין באַגנעדיקונג, ער פֿאָדערט איבערצוקוקן דעם "ענין" און אויפֿשטעלן די גערעכטיקייט.

"...דעם 15־טן אַפּריל 1949, נאָך אַ לאַנגער העצע מצד פּיפּיקע ציניקער און פֿאַרשיידענע כאַלטורשטשיקעס האָבן צוויי אַגענטן פֿון מ.ג.ב. געכאַפּט מיך גלײַך אויף דער גאַס אין טשערנאָוויץ, ווו כ'האָב געוווינט פֿונעם 45־סטן יאָר. צוויי מעת־לעת בין איך אָפּגעווען אין דער טשערנאָוויצער ג.ב.; 35 מעת־לעת — אין דער קיִעווער ג.ב. און פֿון קיִעוו איבערגעשיקט געוואָרן קיין קעשענעוו, ווו כ'האָב געוווינט פֿון 40־סטן יאָר ביז 1941...

ניין, אין דער קיִעווער ג.ב. האָט מען מיך נישט געשלאָגן, נאָר בעסער וואָלט מען מיך שוין געשלאָגן, איידער אויסגענוצט קעגן מיר די מעטאָדן און מיטלען, נאָך וועלכע כ'בין נערוועז קראַנק געוואָרן. אין קעשענעוו האָט מען מיך שוין אינגאַנצן דערענדיקט. אויסגעמאַטערט פֿיזיש און פּסיכיש. צי האָב איך דען געקענט אין דעם צושטאַנד זיך שטעלן קעגן דער חוצפּה, ליגנערײַ, בייזקייט און רכילות? כ'בין אַרײַנגעפֿאַלן אין אַזאַ פֿאַרצווייפֿלונג, אַז כּדי וואָס גיכער פּטור צו

ווערן פֿון דעם אַלעמען, בין איך גרייט געווען אויסצוטראַכטן אויף זיך אַזעלכע זאַכן, וועלכע, נישט וואָס זיי זענען אינגאַנצן נישט געשען, נאָר קיינמאָל אַפֿילו אין קאָפּ מיר נישט געקומען...״

די העצע האָט זיך אָנגעהויבן פֿריִער, ווען אַלטמאַן איז נאָך געווען אויף דער פֿרײַ. קנאת־סופרים? יאָ. אַלטמאַן, זײַענדיק דער ליטעראַטור־פּאַרוואַלטער פֿון דעם טשערנאָוויצער ייִדישן טעאַטער האָט, פֿאַרשטייט זיך, נישט צוגעלאָזט צו דער טעאַטער־בינע ״פֿאַרשײַדענע כאַלטורשטשיקעס״. זענען באַלד אַוועק אויף אים צו די ״הויכע פֿענצטער״ בריוו, אָנקלאַגעס, מסירות.

בשעת דער אויספֿאָרשונג האָט אַלטמאַן זיך דערוווּסט ווער זיי זענען, די מסירה־שרײַבערס. איצט ווייס איך אויך די דאָזיקע נעמען. מעגלעך, אַז ס'איז געקומען די צײַט די נעמען אָנרופֿן, ווי מע טוט עס איצט אין פֿיל אַנדערע פּובליקאַציעס. איך האַלט אָבער, אַז אַלטמאַן און נישט נאָר אַלטמאַן, נאָר אויך יענע ייִדישע שרײַבערס, וועלכע האָבן זיך, ברוך־השם, שפּעטער באַפֿרײַט, האָבן סוף־כּל־סוף געקענט די נעמען אָנרופֿן אַליין. קיינער פֿון זיי האָט עס אָבער אָפֿן נישט געטאָן.

פֿאַרוואָס? נאָך אַלץ מורא געהאַט? נישט געוואָלט זיך פּאַטשקען? רחמנות געהאַט אויף זייערע קינדער?...

און אפשר גאָר עפּעס אַנדערש? אפֿשר, נאָך די אַלע גיהנום־קרײַזן, זענען זיי, די געליטענע, געקומען צום באַנעמען אַזאַ זאַך, וואָס קיינעם פֿון אונדז איז דאָס נישט געגעבן געוואָרן: פֿאַרשטיין עבֿירות.

די אָרגאַנען פֿון מלוכה־זיכערהייט האָבן שוין פֿון לאַנג געהאַט אויף אַלטמאַנען אַן אויג. זיי האָבן נאָר אַרויסגעקוקט אויף אַ פּאַסיקער מינוט. אין זײַן מעלדונג צום גענעראַל־פּראָקוראָר איז דאָ אַן אָרט, וווּ אַלטמאַן בעט דעם פּראָקוראָר די דערלויבעניש זיך ווענדן דורך אים צו די אויספֿאָרשערס מיט אַן ״אָפֿענעם בריוו״. אָט וואָס ער שרײַבט זיי:

״...איך ווענד זיך צו אײַך מיט איין פֿראַגע: איר ווייסט גוט דעם גאַנצן אמת וועגן מיר און וועגן מײַן ״ענין״. איך בין אויסגעוואָרצלט געוואָרן פֿון לעבן, כ'געפֿין זיך אַצינד אין לאַגער, די פֿאַמיליע מײַנע איז צעבראָכן געוואָרן, דאָס לעבן פֿון דרײַ ערלעכע מענטשן — פֿאַרטיליקט. פֿרעג איך אײַך, בירגער אויספֿאָרשערס, אײַער געוויסן זאָגט אײַך גאָרנישט ניט? איך ווענד זיך גראָד צו אײַך,ווײַל איך בין אַן אַלטער רוסישער אינטעליגענט און דער באַגריף געוויסן איז פֿאַר מיר נישט קיין פּוסטער קלאַנג...

איר ווייסט גוט, ווער ס'האָט אָרגאַניזירט די העצע קעגן מיר, מיט וואָס פֿאַר אַ נידעריקע מאָטיוון זיך באַנוצט, כּדי איך זאָל טרעפֿן אַהער. איר ווייסט מיר, מעגלעך, ענטפֿערן, אַז די אויספֿאָרשונג האָט מען פֿאַרענדיקט אין קעשענעוו, אַז אײַער געוויסן איז ריין. צי קען דען אַ מענטש מיט אַ ריינעם געוויסן זיך באַרויִקן דערמיט? טראַכט זיך גוט אַרײַן אין מײַנע ווערטער, בירגער אויספֿאָרשערס...״

גראַדע דאָ, טאַקע נאָך אַלטמאַנס ווערטער איז געקומען די צײַט, מיין איך, אָנרופֿן דעם נאָמען פֿון דעם קעשענעווער אויספֿאָרשער פֿון מ.ג.ב., וועלכער האָט געפֿירט דעם "ענין נומער 5390" פֿון אָנהייב ביזן סוף. אָנרופֿן זײַן נאָמען, כּדי ער זאָל טאַקע שוין מער נישט דערמאָנט ווערן אויף אייביק: פּאָפּאָוו סערגיי איוואַנאָוויטש.

אין 2־טן קאַפּיטל האָב איך אָנגעוויזן, אַז דער לעצטער דאָקומענט פֿון אָט דעם "ענין" איז דאַטירט מיטן 10־טן יולי 1989. נאָך פֿערציק יאָר, זינט מ'האָט דעם "ענין" פֿאַרענדיקט, האָט אַלטמאַנס טאָכטער, אידע גריצענקאָ, זיך געווענדעט מיט אַ מעלדונג צום פֿאָרזיצער פֿון דער אוקראַיִנישער ק.ג.ב., גענעראַל נ. מ. גאָלושקאָ, ער זאָל איר דערלויבן זיך באַקענען מיט די מאַטעריאַלן פֿון דער אויספֿאָרשונג (ס'איז דאָך "גלאַסנאָסט"!). וואָס זשע האָט איר געענטפֿערט דער גענעראַל? — "צום באַדויערן, קען מען די ביטע אײַערע נישט לייזן, ווײַל מע ווייסט נישט וווּ עס געפֿינען זיך די מאַטעריאַלן פֿון אָט דעם ענין".

אַגבֿ, אויב עמעצן וועט זיך פּלוצעם פֿאַרגלוסטן אָפּזוכן די קאָפּיע פֿון דעם גענעראַל גאָלושקאָס ענטפֿער אויף דער ביטע פֿון אַלטמאַנס טאָכטער, קען ער די קאָפּיע געפֿינען אינעם 4־טן באַנד פֿונעם "ענין נומער 5390", אַקוראַט דורכגענייט און דורכנומערירט.

--------------

עמעצער פֿון די גרויסע האָט געזאָגט: בעת דו קומסט אין אַ נײַער שטאָט, און ווילסט זיך דערוויסן ווי אַזוי עס לעבן דאָ די מענטשן, דערוויס זיך פֿריִער, ווי אַזוי זיי שטאַרבן אין דער שטאָט.

בערך 83 מיליאָן אומשולדיקע נפֿשות האָט אומגעבראַכט דער קאָמוניסטישער רעזשים פֿאַר אַריבער 70 יאָר הערשאַפֿט. איצט ווערט שוין, דאַכט זיך, אַ ביסל קלאָרער, ווי אַזוי ס'האָבן די מענטשן געלעבט אין דעם לאַנד.

משה אַלטמאַן האָט זייער געוואָלט אָנשרײַבן אַ ביכל וועגן יענע "גוטע" יאָרן. ער האָט עס אַפֿילו אָנגעהויבן, נאָר נישט פֿאַרענדיקט. אין איינער פֿון די לעצטע נאָוועלן זײַנע שרײַבט ער:

"...טרעפֿט זיך, אַז מע איז שוין אַליין אַן עלטערזיידע, מע זעט די וועלט דורך פֿענצטער, מע האָט הנאה פֿון די קינדער, ביימער, און עס ווילט זיך עמעצן דאַנקען דערפֿאַר, וואָס מע האָט עס דערלעבט.

מיט מיר פּאַסירט עס. עס איז מיר אויסגעפֿאַלן אַ שווער לעבן. איך פֿרעג זיך אַליין: ווי אַזוי האָסטו עס איבערגעטראָגן? אָבער אַ פֿאַקט. איך בין דאָ. און עס טוט אַ שווים אַרויס די ווײַטע קינדהייט, און עס מורמלט זיך: 'מודה אני'..."

קעשענעוו, יאַנואַר–מערץ 1992.



פֿריִע האָפֿערדיקע יאָרן



יעקבֿ שטערנבערג
ערשט געקומענע קיין קישענעוו
(פֿון רעכטס אויף לינקס)
יאַנקל יאַקיר, יעקבֿ שטערנבערג, הערץ ריווקין-גײַסינער, מאָטל סאַקציער



## משה אַלטמאַן

(רעכטס) אויף דער פֿרײַ

(אונטן) פֿאָטאָגראַפֿירט אין דער טורמע





הערץ ריווקין־גײַסינער

(רעכטס) אויף דער פֿרײַ

(אונטן) פֿאָטאָגראַפֿירט אין דער טורמע





**מאָטל סאַקציער**

(רעכטס) אויף דער פֿרײַ

(אונטן) פֿאָטאָגראַפֿירט אין דער טורמע





**יאַנקל יאַקיר**

(רעכטס) אויף דער פֿרײַ

(אונטן) פֿאָטאָגראַפֿירט אין דער טורמע

